פּסיכאָ־היגיענישע באַראַטונגס־שטעלע ביים „טאָז“ אין וואַרשע

פּראָפ. ד"ר מעד.
פּ. שניאורסאָן

# אינטימע הייל־
# פּעדאַגאָגיק

(די באַהאַנדלונג פון קינדער-ניי-
ראָזן און די רעפאַרם־לערע וועגן
דער שול־פּויזע)

מ י ט   צ ו ו י י   צ ו ג א ב ן

פ א ר ל א ג „ט א ָ ז“ – ו ו א ר ש ע, ג ע נ ש ע 43

# אינהאלט:

# אריינפיר

דאָס פאַרליגנדיקע בוך איז אַ רעזולטאַט פון אַ קאָלעקטיוון פרווו, וועלכער האָט נישט נאָר אַ פּראַקטישן ווערט פאַר עלטערן, לערער און דאָקטוירים, נאָר אויך אַן אַלגעמיינעם אינטערעס. די באַהאַנדלונג פון קינדער־נייראָזן, מיט וועלכע דאָס בוך פאַרנעמט זיך, גיט אָפּט אַ שליסל צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דערוואַקסענע. אין אַ געוויסן זינען איז דער דערמאָנטער פּרווו געווען אויך אינ־טריגירנדיק.

די מעשה איז אַזאַ.

אין 1927 האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אין יידיש און אין דייטש (שפּעטער אויך אין ענגליש) דאָס בוך: „דער וועג צום מענטש", ווו מיר האָבן אויפן גרונט פון קלינישע און פּסיכאָלאָ־גישע פאָרשונגען אויפגעשטעלט די טעאָריע פון דער אַזוי־גערופענער „מענטש־וויסנשאַפט" (פּסיכאָ־עקספּעדיציע), וועלכע באַהויפּטעט, אַז די לאַנגוויל, דאָס אויספעלן פון אינדיווידועל פּאַסיקן שפּיל, איז די סיבה פון נייראָז. (מיר האָבן דאַמאָלס באַצייכנט דעם שפּיל אַלס פּסיכישן וויטאַמין און די נערוועזישקייט אַלס פּסיכישן סקאָרבוט. דערביי האָבן מיר באַוויזן, אַז מיר האָבן דאָ נישט בלויז אַן אַנאַלאָגיע, נאָר אַ ביאָלאָגישן גרונט־פּרינציפּ, וואָס גיט אונדז אַ נייע מעטאָדע צו היילן און פאַרהיטן די נערוועזישקייט). נישט קוקנדיק אויף די פילזייטיקע פאָרשונגען, וואָס מיר האָבן אין יענעם בוך און אין שפּעטערע ווערק*) פאַרעפנטלעכט, אין צוזאַמענהאַנג

---

*) זע ביבליגנדיקע ליסטע פון פאַרעפנטלעכונגען ביים סוף פון בוך. די הויפּט־שריפטן וועגן „מענטש־וויסנשאַפט" זענען: דאָס דערמאָנטע בוך „דער וועג צום מענטש", „חלום און שפּיל" (אין פיר טיילן), „נייע וועגן פון דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע" (אין דייטש), די צוויי בענדער פון זשורנאַל „מענטש־וויסנשאַפט" (אין יידיש).

מיט פאָרשונגען פון מיטאַרבעטער אין פאַרשידענע לענדער, האָט זיך דאַך די „מענטש־וויסנשאַפט" שווער געקענט דורכשלאָגן אַ וועג צווישן די עלטערע פּאָפּולער געוואָרענע טעאָריעס, ווי פרוידס פּסיכאָ־אַנאַליז און אַדלערס אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע. אין משך פון די לעצטע יאָרן האָט די „מענטש־וויסנשאַפט" זיך געלאָזט מיט גרויס דערפאָלג אָנווענדן אויף פאַרשידענע געביטן פון אינדיווידועלער און סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע.

און אַט, אָנהויב 1934, האָט די יידישע געזעלשאַפט „טאָז" אין וואַרשע מיך באַאויפטראַגט צו גרינדן און צו לייטן אַ פּסיכאָ־היגיענישע באַראַטונג־שטעלע פאַר קינדער. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ באַראַטונג־שטעלע טאָר נישט זיין באַגרעניצט אין די ראַמען פון וועלכער ס'איז טעאָריע, נאָר מוז אָביעקטיוו אָנווענדן אַלע מעטאָדן, וואָס קאָנען זיין נוצלעך ביי דער באַהאַנדלונג פון קינדער. דאָ דאַרף מען זיך נאָר רעכענען מיט די פּראַקטישע און פאַקטישע דערפאָלגן פון דער באַהאַנדלונג. ביי דער דערעפענונג פון דער באַראַטונג־שטעלע, האָב איך אויף דער קאָנפערענץ פון לערער און שול־דאָקטוירים צוו. אַנד. אַט וואָס געזאָגט:

ביי היינטיקן טאָג שטייט אַמשאַרפסטן פאַר דער געזעלשאַפט דאָס פּראָבלעם פון דעם נערוועזן קינד. די שווער דערציבאַרע קינדער, וואָס שול און היים קאָנען זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן און קומען צוליב דעם אין באַראַטונג־שטעלע, ווערן אין אַלגעמיין גע־טיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: אינטעלעקטועל־אָפּגעשטאַנענע און נערוועזע קינדער. פאַר די אָפּגעשטאַנענע קינדער האָבן וויסנשאַפט און געזעלשאַפט שוין זייער פיל אויפגעטון. די פּסיכאָלאָגיע האָט געשאַפן הילפס־מעטאָדן (אינטעליגענץ־טעסטן) צו באַשטימען באַ־צייטנס דעם גראַד פונעם קינדס אָפּגעשטאַנענקייט, און די הייל־פּעדאַגאָגיק האָט אויסגעאַרבעט מעטאָדן פאַר דעם ספּעציעלן און־טעריכט פון אַזוינע קינדער. אויך די געזעלשאַפט האָט זייער פיל אויפגעטון — אין יעדן קולטור־לאַנד זענען פון דער מלוכה אויפ־געשטעלט ספּעציעלע שולן פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער. די באַראַטונג־שטעלע האָט דאָ בלויז די אויפגאַבע צו מאַכן אַ גענויע פּסיכאָ־פיזישע אונטערזוכונג פון קינד, ספּעציעל צו אונטערזוכן זיין אינטע־

ליגנץ, און רעקאָמענדירן אַ פּאַסנדיקע אַנשטאַלט אָדער ספּעציעלע דערציִונג. אַזוי אָדער אַנדערש באַפרייט זיך די שול פון אומפּאַסנדיקע פאַר איר אָפּגעשטאַנענע קינדער*). וואָס זאָל מען אָבער טון מיט די נערוועזע קינדער, וואָס זענען אינטעלעקטועל געניג פעיק, נאָר צוליב פאַרשידענע אָפּווייכונגען פון געפיל און ווילן שטערן זיי דאָס נאָרמאַלע שול-לעבן און שאַפן גרויסע שוועריקייטן פאַר דער דערציִונג? וויסנשאַפט און געזעלשאַפט האָבן נאָך זייער ווייניק אויפגעטון פאַר די נערוועזע קינדער. עס זענען נאָך נישטאָ קיין אַנשטאַלטן אָדער ספּעציעלע שולן, וווּ נערוועזע קינדער זאָלן קענען באַקומען אַ צוגעפּאַסטע פאַר זיי דערציִונג. אַזוינע קינדער מוזן בלייבן אין דער נאָרמאַלער שול, וווּ זיי זענען אַ שווער פּראָבלעם פאַר די לערער. זענען אַזוי אַרום די נערוועזע קינדער אַ פּראָבלעם נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר דעם שול-לעבן, וואָס ווערט אָפט דורך זיי פאַטאַל געשטערט. דאָ איז באַזונדערש דרינגענדיק די הילף פון אַ פּסיכאָ-היגיענישער באַראַטונג-שטעלע. אָבער אויך די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן צו באַהאַנדלען נערוועזע קינדער זענען נאָך זייער ווייניק אַנטוויקלט. די הייל-פּעדאַגאָגיק, וואָס האָט אין משך פון יאָרן אויסגעאַרבעט גענויע מעטאָדן פאַר דעם אונטעריכט פון אָפּגעשטאַנענע קינדער, האָט נאָך נישט וועלכן ס'איז מעטאָדישן צוגאַנג צו די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פון די נערוועזע קינדער (וועגן די נייע פּרוּוון אין אַמעריקע וועלן מיר שפּעטער רעדן). אויך דער פּסיכאָ-אַנאַליז האָט ערשט די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן צופּאַסן זיינע מעטאָדן פאַר דער באַהאַנדלונג פונעם קינדער־ביראָז. שוין נישט רעדנדיק וועגן דער דאָגמאַטישער איינזייטיקייט פונעם פּסיכאָ-אַנאַליז מיט זיין פּרימיטיוון פּאַן-סעקסואַליזם, וואָס שטייט אויסער דעם קאָנקרעטן שול-לעבן, איז אָבער אויך צוליב זיין

---

*) אַדאַנק פאַרשידענע אומגינסטיקע תנאים איז ביי יידן אַ פאַרשידענע לענדער ווייניק אַנטוויקלט די ספּעציעלע דערציִונג פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער (זע ווייטער „צוגאָב 2" „וועגן דעם גורל פונעם יידישן גייסטיק־לוידנדיקן קינד").

קאמפליצירטער טעכניק פראקטיש אומעגלעך אנצווווענדן דעם פסיכא-אנאליז אין דער בעראטונג-שטעלע, וואס דארף אמבולאטאריש בא-האנדלען א גרויסע צאל קינדער. טאקע דא גיט די „מענטש-וויסנשאפט" א דורכויס פראקטישן מעטאד, וואס באציט זיך, ווי מיר וועלן גלייך זען, אויף דאס קאנקרעטע לעבן פון קינד און האט גלייכצייטיק א פאזיטיווע פסיכא-היגיענישע ווירקונג אויף שול און היים.

אחוץ אלע טעארעטישע סברות לייגט זיך דאך יעדן אויפן שכל און עס שטימט אויך מיט דער אלגעמיינער פעדאגאגישער דערפארונג, אז דער שפיל-דראנג, וואס טרעט אויף מיט אזא אינסטינקטיווער קראפט און פארכאפט אזוי טיף פאנטאזיע, געפיל און אקטיווישקייט פון קינד, מוז זיין אן אנטשיידנדיקער פאקטאר אינעם נייראז, וואס באריט דאך הויפטזאכלעך די ספערע פון גע-פיל און ווילן. פון איין זייט, קען א קינד פארגעסן אדער גובר זיין זיינע לײדן און קרענקלעכע נייגונגען דורך און אין דעם לוסטיק פארכאפנדיקן שפיל. פון דער צווייטער זייט, וועט אן איינזאם קינד, אן וועלכער ס'איז פאסנדיקער געלעגנהייט פאר שפיל, ווערן פאר-אומערט, געלאנגווײלט און קרענקלעך געררייצט. אין אזא צושטאנד וועט דאס קינד ווייניקער קענען באהערשן זיינע קרענקלעכע נייגונגען. דאס זעלביקע איז אויך מיט א קינד, וואס ווערט דורך זייטיקע סיבות ארויסגעשטויסן פון דער שפיל-גרופע, אדער אין דער גרופע ווערט געהאמעוועט זיין נאטירלעכער שפיל-דראנג, וועלכער איז דאך דער אויסדרוק פון דעם קינדס אינסטינקטיוון לעבנס-אימפעט.

פארמולירן מיר עס קורץ, אז דער נייראז איז א רעזולטאט פון שפיל-דעפיציט און קאן געהיילט ווערן, ווען מען זאל מעטאדיש ארויסגעפינען און באזייטיקן אט דעם דעפיציט. און דא קומט דער עטוואס אינטריגירנדיקער אויספיר.

אזוי ווי קינדער שפילן הויפטזאכלעך בשעת דער פויזע (צווישן די אונטערריכט-שעהן אדער צווישן איין אונטערריכט-טאג און א צווייטן), ממילא קומט אויס, אז דער נייראז ווערט געבוירן בשעת און דורך דער פויזע. און נאך א זאך: אזוי ווי קינדער שפילן אין

גרופעס, איז די שפּיל־מעגלעכקייט פאַרן קינד אַפּהענגיק פון זיין סאָציאַלישקייט, ד. ה. פון זיין פעיקייט זיך איינצולעבן אין דער גרופּע. די וואַקלונג פון דעם קינדס שטעלונג אין דער גרופּע קען אים אַרויסשטויסן פון גרופּן־שפּיל און ברענגען צו אַ דענערוווירנדיקן שפּיל־רעפּיציט.

מיר קאָנען, הייסט דאָס, ראַדיקאַל היילן די נערוועזישקייט פון קינד דורך מעטאָדישער רעגולירונג פון זיין שפּיל־און גרופּן־לעבן. אָט דעם אופן באַהאַנדלונג באַצייכענען מיר אַלס סאָציאַל־אינטימע הייל־פּעדאַגאָגיק, ווייל מיר האָבן דאָ צו טון מיט דעם שפּיל, וואָס דריקט אויס די אינטימע לײדנשאַפטן פון קינד, ווי אויך מיט דעם קינדס סאָציאַלישקייט, וואָס באַשטימט די מעגלעכקייט פון גרופּן־שפּיל. אין דער דערפאַרונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן זייער אינטערע־סאַנטע, ביז אַהער ווייניק באַוווּסטע, אייגנאַרטיקייטן פון גרופּעדיקן שפּיל־לעבן, וועלכע קענען ביי אומבאַאַכטונג אַרויסרופן נייראָטישע רעאַקציעס און וואָס פאַרלאַנגען אין יעדן איינצלנעם פאַל אַ ספּעציעלן צוגאַנג לויט די קאָנקרעטע תּנאים און די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן. אָט אַזוי וועלן מיר (אינעם פאָרליגנדיקן בוך) באַשרייבן די כאַראַק־טעריסטישע דערשיינונגען פון סאָציאַל־פאַרשידענע נייראָזן, פון שפּיל־עלטער, דערציבאַרקייט־עלטער, פון אומנאָרמאַלן שפּיל־דראַנג א. אַ. וו. פּראַקטיש איז באַזונדערש וויכטיק די דערמאָנטע דער־שיינונג פון שפּיל־עלטער, וואָס דאַרף האָבן בנוגע דער פּויזע די זעלבע אָנטשיידנדיקע באַדייטונג, ווי דער אינטעליגענץ־עלטער ביים אונטערזוכן.

באַטאָנען מיר דאָ קלאָר דעם מעטאָדישן און זאַכלעכן אונטער־שייד צווישן פּסיכאָאַנאַליז און מענטש־וויסנשאַפט. ווען דער פּסיכאָ־אַנאַליז באַטראַכט פּאַקטיש אַלס סיבה פון נייראָז די אונטערדריקטע פּרימיטיווע סעקסואַלישקייט (ווי פּאַר אַדלערס אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע איז עס דער מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס) און באַנוצט זיך מיט דער ספּעקולאַטיווער „אויסטייטש־מעטאָדע", שטעלט אויף די מענטשוויסנשאַפט אַלס הויפּט־סיבה פון נייראָז דעם לאַנגווייל, דאָס אויספעלן פון אינדיווידואַל־נויטיקן שפּיל און באַנוצט זיך מיט דער מעטאָדע פון דער אַ. נ. פּסיכאָ־עקספּעדיציע, ד. ה. סיסטעמאַ־

טיש אריינדרינגען אין דער ווירקלעכקייט און זי אָביעקטיוו אָבסער־ווירן און באַשרייבן אין איר רעאַלער און פילגעשטאַלטיקער גאַנצקייט.

ס'איז געווען עטוואָס איבעראַשנדיק פאַר די לערער, וואָס בײַ אונדזער באַהאַנדלונג פון ניראָז ווערט אַזוי אַנטשידן אַריבערגע־טראָגן דאָס שווער־געוויכט פון דעם אונטעריכט אויף דער פּויזע, פון דעם קלאַס אויף דער פרייער שפּיל־גרופּע. פאַר מאַנכע איז עס געווען וווּנדערלעך, וואָס אַנשטאָט דעם פאַרנעפּלטן „אונטער־באַוווּסטזיין" שטייט בײַ אונדז אין צענטער דאָס קלאָרע שפּיל־באַוווּסטזיין און דאָס מיט אים פאַרבונדענע גרופּעדיקע באַוווּסטזיין (מיר באַווייזן נעמלעך, אַז שפּיל האָט נישט ווייניקער באַוווּסטזיין, נאָר אַן אַנדער באַוווּסטזיין). ווי דער „דיבוק" אין מיטלאַלטער, אַזוי איז היינט פּאָפּולער דער „אונטער־באַוווּסטזיין", וואָס לאָזט, ווי דער דיבוק, מיט זיינע געהיימע פאַרנעפּלטקייטן די ספּעקולאַטיווע פאַנטאַזיע.

נאָך הדרייסטער זעט אויס דער ווייטערדיקער לאָגישער אויס־פיר: אַזוי ווי דער ניראָז ווערט געבוירן צוליב די שטערונגען בשעת דער פּויזע, איז הדרינגענד נויטיק אַן אַנטשפּרעכנדיקע רעפאָרם פון דער פּויזע כדי צו פאַרהיטן פון קינדער־ניראָז. און נאָך אַ טריט ווייטער: די טיילונג פון אונטעריכט און שול־פּויזע אין דער שול ווערט אין די ריפערע יאָרן בײַ דערוואַקסענע פאַרגעזעצט אין דער פאָרם פון אַרבעט און אָפּרו־צייט (שפּיל־צייט). די „מענטש־וויסנ־שאַפט האָט טאַקע באַוויזן, אַז די פאַרנאַכלעסיקטע רו־צייט (די „ליי־דיקע רו"), דאָס אויספּעלן פון אינדיווידועלע שפּיל־מעגלעכקייטן, פירט צו דעם אַזוי פאַרשפּרייטן ניראָז בײַ דערוואַקסענע. ווי די רעפאָרם פון דער שול־פּויזע, אַזוי איז דרינגענד נויטיק די רעפאָרם פון דער לעבנס־פּויזע בכלל.

האָב איך אויף דער דערמאָנטער קאָנפערענץ פאַרגעלייגט די פאַרינטערעסירטע לערער און שול־דאָקטוירים, אַז ווען זיי שיקן נער־וועזע קינדער אין אונזער בעראַטונג־שטעלע, זאָלן זיי באַשיטפּער־לעך אָבסערווירן דעם אופן און די ווירקונג פון אונזער באַהאַנדלונג. די אָבסערוואַציע זאָל געפירט ווערן אין צוויי ריכטונגען: 1) צי וועלן מיר אין יעדן פאַל פון נערוועזישקייט (אָדער אַנטיסאָציאַלער

האנדלונג) ביים קינד געפינען אן אנטשפּרעכנדיקע שטערונג בשעת דער פּויזע וואָס זאָל געבן אַ פולע דערקלערונג פון דעם קינדס אומנאָר-מאַלער האַלטונג, 2) צו וועלן מיר פּאַקטיש קענען היילן דעם קינדס נערוועזישקייט דורך מעטאָדישער רעגולירונג פון זיין שפּיל- און גרופּן-לעבן בשעת דער פּויזע.

די באַראַטונג-שטעלע איז אַזוי אַרום פון אָנהויב אָן געוואָרן גלייכצייטיק אַ פאָרשונג-שטעלע, ווו דער מעטאָד פון באַהאַנדלונג ווערט כסדר קאָלעקטיוו געפּרוווט לויט דערפאָלג און אָנווענדבאַר-קייט. ביי דער באַראַטונג-שטעלע איז טעטיק אַ וויסנשאַפטלעכער סעמינאַר (פאַר לערער און דאָקטוירים), ווו מיר פלעגן כסדר באַ-ריכטן און דיסקוטירן דעם פאַרלויף אין דער באַהאַנדלונג פון פאַר-שידענע פאַלן.

מיר וועלן אין דעם פאָרליגנדיקן בוך באַשרייבן די רעזולטאַטן פון אַזאַ זעקס-חדשימדיקער אַרבעט (אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזע-רע פריערע צאָלרייכע פאָרשונגען), וואָס איז געווען אַ מין קאָלעק-טיווער פּרווו פון דער באַהאַנדלונג. באַשרייבנדיק אין בוך פאַר-שידענע פאַלן, לאָזן מיר די פאַקטן רעדן זייערע איבערצייגנדיקע שפּראַך. מיר דאַרפן נאָר דאָ צוגעבן, אַז די פּראַקטיק האָט דאָ, ווי אין פריערע פאָרשונגען, איבערגעשטיגן די טעאָריע, וועלכע האָט גאָרנישט געוואַגט צו גיין אַזוי ווייט, ווי ס'האָט זיך אין דער דער-פאַרונג אַרויסגעוויזן.

צום שלוס ווילן מיר געבן דעם פאַרגלייך פון אונזער ריכטונג מיט דער פּסיכאָ-היגיענישער באַוועגונג אין אַמעריקע, וועלכע איז דאָרט אַזוי באַרימט געוואָרן.

אין אַמעריקע איז נעמלעך אין די לעצטע יאָרן אַנטשטאַנען די נייע באַוועגונג פון דער אַזויגערופענער „קינדער-פירונג-קליניק" (Child-Guidance clinic) *) דאָס איז די גרינדונג פון אַ פּסיכאָ-

*) שפּעטער האָט זיך די באַוועגונג פאַרשפּרייט אויך אין ענגלאַנד. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער פּיאָנער פון דער נייער באַוועגונג אין ענגלאַנד איז די „יידישע געזונטהייט-אָרגאַניזאַציע" אין לאָנדאָן, וואָס האָט דאָרט געעפנט די ערשטע „קינדער-פירונג-קליניק" אונטער דער לייטונג פון ד"ר מילער.

היגיענישער בּעראַטונג-שטעלע, וואָס צייכנט זיך אויס דורך דער אָר־גאַניזירטער געמיינזאַמער אַרבּעט פון אַ דאָקטאָר-פּסיכיאַטער, אַ פּסיכאָלאָג און אַ „סאָציאַל-אַרבּעטער" (דאָס איז אייגנטלעך אַ פּראַקטישער סאָציאָלאָג, וואָס איז טרענירט אין סאָציאַלע וויסנ־שאַפטן). דאָ ווערט געלייגט גרויס געוויכט אויף די סאָציאַלע פאַק־טאָרן פון דעם קינדס סביבה. געפינט זיך דאָך דאָס קינד אונטער דער שטענדיקער השפּעה פון היים, שול און גאַס, וואָס יעדע פון זיי און אַלע צוזאַמען קאָנען ביי אומגינסטיקע באַדינגונגען שטערן דאָס פּסיכישע גלייכגעוויכט פון קינד און אַרויסרופן ביי אים אַן אומ־נאָרמאַלע אויפפירונג. צוזאַמען מיט דער מעדיציניש-פּסיכיאַטרישער און פּסיכאָלאָגישער (ספּעציעל אינטעליגענץ-טעסט) אונטערזוכונג דאַרף דער סאָציאַל־אַרבּעטער פאָרשן די אַלערליי אומגינסטיקע פאַק־טאָרן אין דער סאָציאַלער סביבה פון קינד, וואָס קאָנען זיין די סיבה אָדער די וויכטיקע באַדינגונגען פון דעם קינדס אומנאָרמאַלער אויפ־פירונג. אָט די „סאָציאַל-אַרבּעט", אַ מין אָנגעוואַנדטע סאָציאָלאָגיע, האָט אין אַמעריקע זיך אַנטוויקלט צו אַ ספּעציעלן וויסנשאַפט-גע־ביט.*)

די אַמעריקאַנער באַוועגונג האָט דעם גרויסן פאַרדינסט שוין דערמיט אַליין, וואָס די באַהאַנדלונג פון נייראָז ווערט דאָ ראַדיקאַל פון איר טויטן פּונקט אַריבּערגעפירט אויפן וועג פון זוכן דעם לעבעדיקן צוזאַמענהאַנג צווישן דעם קינדס אויפפירונג און דער אַרומיקער סאָציאַלער סביבה. עס ווערט אָבער דאָ פאַרזען, אַז אַ קינד שטייט נישט אַליין צווישן דערוואַקסענע אין דער סאָציאַלער סביבה, נאָר עס געפינט זיך אין געשלאָסענע קינדער־גרופּעס, וואָס האָבן זייער אייגענעם אינערלעכן לעבן און שיצן דאָס איינצלנע קינד קעגן

---

*) די דערמאָנטע ביידע טענדענצן, די אָרגאַניזירטע אַלזייטיקע פאָרשונג פון קינד און די „סאָציאַלע אַרבּעט", זענען שוין פריער געווען געניט באַקאַנט אין די אייראָפּעישע לענדער. נאָר אין אַמעריקע האָבן זיי דערגרייכט (ספּעציעל די „סאָציאַל־אַרבּעט") אַ ווייט־גייענדיקע אַנטוויקלונג אין אַ פעסט אָרגאַניזירטער פאָרם מיט אַפילו אַ דעטאַלירט אויסגעאַרבּעטער „טעכניק".

דרויסנדיקע איינפלוסן. אָבסערווירט מען אוינע טיפּישע קינדער-שפּילן ווי „רויבער און פּאָליציי", „פּייערלעשער", דאָקטאָר און קראַנקע" א. ד. גל. — זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי די האַמעטענע דערשיינונגען פון דער אַרומיקער וועלט ווערן באַהערשט און אומגעוואַנדלט אין דעם גרופּן-שפּיל, ווו דער שרעק און די ליידן פון דער ווירקלעכקייט ווערן דאָ, אַזוי-צוזאָגן, נייטראַליזירט דורך דער שעפערישער שפּיל-פאַנטאַזיע און דעם דראַמאַטישן אימפּעט פון דער שפּיל-גרופּע. ווי אינעם קערפּער שטייען אויף דער וואַך די חריזן (גלענדס) און פאַרהאַלטן אָדער נייטראַליזירן די פון דרויסן אַריינגעדרונגענע שעדלעכע שטאָפן, אַזוי שיצט די שפּיל-גרופּע דאָס איינצלנע קינד און נייטראַליזירט שפּילעריש די שווערע איינדרוקן פון דער אויסערלעכער וועלט. אומגינסטיקע סאָציאַלע פאַקטאָרן וועלן נאָר אויף אַזויפיל טרעפן דאָס קינד, אויף וויפל זיי וועלן צעטרייסלען, ענדערן אָדער בכלל דורכדרינגען דאָס אינטים דיסציפּלינירטע גרופּישע שפּיל-לעבן פון קינד. ביי דער באַהאַנדלונג פון נייראָזן מוז מען דערפאַר פאָרשן נישט נאָר די „אַרומיקע" סביבה פון קינד, נאָר הויפּטזאַכלעך דאָס „אינערלעכע" אייגענע לעבן פון דער אין זיך געשלאָסענער קינדער-גרופּע. ס'מוז אַזוי אַרום אַנטשיידן נישט דער „סאָציאַל-אַרבעטער" נאָר דער סאָציאַל-פּעדאָלאָגישער פאָרשער, ד. ה. דער געניטער פאָרשער פון דעם קינדס גרופּן-לעבן. אונזער באַראַטונג-שטעלע אין וואַרשע ווערט געפירט דורך געמיינזאַמער אַרבעט פון פּסיכיאַטער, פּסיכאָלאָג (ספּעציעל פאַר אינטעליגענץ-טעסטן) און סאָציאַל-פּעדאָלאָג (א געניטער פּעדאַגאָג, וואָס ווערט פון אונדז טרענירט אין דער פאָרשונג און באַהאַנדלונג פונעם קינדס גרופּן-לעבן). אַלס פּסיכיאַטער און הייל-פּעדאַגאָג בין איך דער לייטער פון דער באַראַטונג-שטעלע אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.*)

מען מוז נאָך דעם ענין עטוואָס טיפער פאַרשטיין. דער יסוד

---

*) אויספירלעכע פּרטים וועגן דער טעכניק ווי אויך די סטאַטיסטישע דאַטן פון אונדזער באַראַטונג-שטעלע זענען באַשריבן ווייטער „צוגאָב 2" „וועגן דעם גורל פון דעם ידישן גייסטיק-ליידנדיקן קינד".

פון יעדער פּעדאַלאָגיע איז דאָך, אַז דאָס קינד איז נישט בלויז אַ מיניאַטור פון דעם דערוואַקסענעם, נאָר אַן אייגנאַרטיקע עקזיס־טענץ פאַר זיך מיט אייגענע געזעצן. אויך די קינדער־גרופּע איז נישט בלויז אַ מיניאַטור פון דער גרופּע ביי דערוואַקסענע, נאָר אַ דורכ־אויס אייגנאַרטיק גרופּן־וועזן מיט אייגענעם ספּעציפיש קינדישן כאַראַקטער. ערשטנס, אַזוי ווי דער שפּיל באַהערשט דאָס לעבן פון קינדער (צום אונטערשיד פון דערוואַקסענע, וואָס זענען באַהערשט פונעם „ערנסטן" עקזיסטענץ־קאַמף), איז ממילא די קינדער־גרופּע הויפּטזאַכלעך אַ שפּיל־גרופּע. צווייטנס, צום אונטערשיד פון שפּיל ביי דערוואַקסענע, צייכנט זיך אויס דער קינדער־שפּיל דורך זיין מאַגישן כאַראַקטער, ד. ה. דורך דעם, וואָס דער שפּיל ווערט אין אַ גרויסער מאָס איבערגעלעבט ביי קינדער ווי עכטע רעאַלישקייט. אַזוי אַרום האָט די קינדישע שפּיל־גרופּע דעם אייגנאַרטיקן, נאָר אין די קינדער־יאָרן געגעבענעם, וועלט־געפיל, וואָס לאָזט דעם קינד אי־בערלעבן די רעאַלישקייט פון שפּיל און דעם שפּיל פון „רעאַליש־קייט.*)

די קינדערישע שפּיל־גרופּע מיט איר אייגענער מאַגישער אַטמאָספער האָט די ביאָלאָגישע אויפגאַבע צו שיצן קינדער קעגן דעם מעכטיקן („ניכטערן") איינפלוס פון דערוואַקסענע, און צו לאָזן די קינדער לעבן צווישן זיך, מיט זיך, פאַר זיך — אין זייער איי־גענער וועלט פון מאַגישן שפּיל־באַוווסטזיין. אין דעם טאַקע באַ־שטייט די טראַגעדיע פון דעם איינציקן, אָדער בכלל פון דעם איינזאַמען קינד, וואָס, זייענדיק אָפּגעריסן פון דער שפּיל־גרופּע, שטייט עס אַליין, אומגעשיצט, אַנטבלויזט קעגן דער ניכטערקייט־סטיכיע פון דערוואַקסענע, וועלכע אונטערדריקט די שפּילעוודיקע קינדישקייט. אויף וויפל די קינדישע שפּיל־גרופּע בלייבט גאַנץ פאַר דעם קינד, איז זי אַ נאַטירלעכער שוץ קעגן שעדלעכע פאַקטאָרן פון דער אַרומיקער סביבה, ווי בכלל קעגן די אומקינדישע איינפלוסן פון דערוואַקסענע. דער נייראָז איז דער רעזולטאַט פון אַ בראָך אין

---

*) זע ווייטער, קאַפּ. 7 און 8.

דער אינטימער פֿאַרבינדונג פֿון דעם קינד מיט דער שפּיל-גרופּע, וואָס פֿירט דורך איינזאַמקייט צו אַ קראַנק־מאַכנדיקן שפּיל-דעפּיציט. כדי צו היילן דעם ניראָז מוז מען באַצייטנס געפֿינען און נאָריכטן דעם אינטימען ברוך פֿון דער שפּיל-גרופּע און דעם שפּיל-לעבן.

## קאפיטל 1

# היים-נייראָז און שול-נייראָז*)

ביי דער באהאנדלונג פון קינדער-נייראָזן האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף א דערשיינונג, וואָס האָט מעטאָדיש א געוויסע אנאלאָגיע מיט דער מערקווירדיקער דערשיינונג ביי דער בלוט־טראנספוזיע. ווי באקאנט, האָט מען א לאנגע צייט נישט געוווסט, פארוואָס די בלוט-טראנספוזיע ברענגט אין פארשידענע פאלן אומגלייכע רעזולטאטן. ערשט אין דער לעצטער צייט האָט מען פעסטגעשטעלט, אז נישט ביי אלע מענטשן האָט דאָס בלוט גלייכע איינגנשאפטן. ס'זענען נעמלעך פאראן פיר פארשידענע בלוט־גרופעס (AB. B. A. O.). און נאָר יענע בלוט־טראנספוזיע קאָן געלינגען, ווען מען פאסט צו פארן מענטשן די אנטשפרעכנדיקע פאר אים בלוט-גרופע. אָט אזוי האָבן מיר אויך באמערקט, אז די פאָרשונג און באהאנדלונג פון נייראָזן ברענגט אין פארשידענע פאלן אומגלייכע רעזולטאטן, ווייל דער זעלביקער נייראָז האָט ביי פארשידענע מענטשן אומגלייכע אייגנשאפטן, אָפהענגיק פון דעם, אין וועלכער גרופן-סביבה ווייזט זיך ארויס דער נייראָז פון באטרעפנדיקן מענטשן. מיר אונטערשיידן (ווי מיר וועלן גענוי באשרייבן) פינף פארשידענע פאָרמען פון יעדן קינדער־נייראָז: אליין זיין-נייראָז, היים-נייראָז, שול-נייראָז, גאס-נייראָז, פרעמד־נייראָז (ד. ה. פארבונדן מיט דער געזעלשאפט פון דערוואקסענע). אין דער פראקטיק האָט זיך ארויסגעוויזן נוצלעך צו באצייכענען

---

*) אין דעם פאָרליגנדן בוך ווערן געברויכט מיט דער זעלביקער באדייטונג די טערמינען „נייראָז” און „נערוועזישקייט” (אדער „נייראָטיש” און „נערוועז”).

צוליב קורצקייט די פינף דערמאָנטע פאָרמען פון נייראָז מיט די בוכשטאַבן: .D. C. B. A. O

לאָמיר אָקאָרשט דערקלערן דעם ענין.

שוין ביי דערוואַקסענע קאָן מען באַאָבאַכטן די דערמאָנטע סאָציאַלע דיפערענצירונג פונעם נייראָז. מאַנכע היסטעריקער און נייראַסטעניקער זענען באַזונדערש לײדנדיק און אומדערטרעגלעך אין דער היים, אין דער פאַמיליען־סביבה, אָבער אין דער פרעמד באַהערשן זיי זיך אָרדנטלעך. אין דער היים פילן זיי זיך נעמלעך אומזשעניערט, און לאָזן דערפאַר אומגעשטערט אויסווירקן זייער קרענקלעכע צערייצטקייט. א חוץ אָט דער אומזשענירטקייט קאָנען אין דער פאַמיליען־סביבה ווירקן ספעציעל דענערווירנדיקע מאָמענטן, ווי אָנגעווייטיקטע קריגערייען, אויפרעגנדיקע באַציונגען, לאַנגווייליקע, איינגעגעסענע איינטאָניקייט, פאַמיליען - זאָרגן א. ד. גל. אין דער פרעמד אָבער נעמען זיך אַזוינע מענטשן (אויס בושה אָדער אַנגסט פאַר פרעמדע) אין די הענט און באַהערשן אין א גרויסער מאָס זייער קרענקלעכע צערייצטקייט. א חוץ דער שטאַרקערער זעלבסט־באַהערשונג ווירקן אין דער פרעמד געוויסע שפאַנענדע מאָמענטן, וואָס קאָנצענטרירן און דיסציפּלינירן דעם נערוון־סיסטעם, ווי אינטערעס און נייגיר צו פרעמדע, געזעלשאַפט־לעכע אַמביציע, דער שפילעוודיק פרייער אויסטויש פון מיינונגען, רייד און באַציונגען. ווי באַקאַנט קאָנען פיל היסטערישע פרויען, כאָטש זיי ליידן פון שווערע אָנפאַלן אין דער היים, גוט זיך באַהערשן אין דער פרעמד. נאָך מער, די געצוימטע היסטערישע צערייצטקייט זעט דאָ אויס ווי א קוים איינגעהאַלטענע שאַרפע ליידנשאַפטלעכקייט, וואָס מאַכט די היסטערישע פרוי אין דער געזעלשאַפט אויסזען „אינטערעסאַנט”, אָריגינעל.

דערמאָנען מיר קורץ נאָר איין כאַראַקטעריסטישן פאַל. א מיטליעריקער סוחר ליידט אין דער היים פון א צוואַנג־נייראָז, נעמלעך פון א צוואַנגהאַפטער אומזיכערקייט, וואָס באַפאַלט אים אויף יעדן שריט. ביים אָנטון זיך, למשל, מוז ער אומצייליקע מאָל (אָפט ביז דערשעפונג) נאָכקאָנטראָלירן יעדן צוגעשפּילעטן קנעפּל. אין געשעפט אָבער, ווי בכלל אין דער פרעמד, באַהערשט ער

שטענדיק ווינע צוואַנג-אידייען און האַלט זיך אָרדנטלעך נאָרמאַל. ווען זיין שוועסטער האָט התונה געהאַט, האָט די ערשטע צייט דער שוואָגער געווירקט אויף אים אין דער היים ווי אַ „פרעמדער" מענטש אַזוי, אַז אויך אין דער היים האָט ער שוין געקענט זיך באַהערשן ווי אין דער פרעמד. וואָס מער אָבער דער שוואָגער איז געוואָרן „היימיש", אַלץ ווייניקער האָט ער אויף אים געווירקט, און ער האָט שפּעטער ווידער באַקומען זיין „היימישן" צוואַנג-ניוראָז.

דאָס געזאָגטע קאָן מען אַזוי פאָרמולירן: אין מאַנכע פאַלן איז די באַציונג צווישן ניוראָז און גרופּן-לעבן אַזאַ, אַז דער ניוראָז דערשיינט אין דער היים-גרופּע און ווערט באַהערשט אין דער פרעמד-גרופּע. ס'איז אַ היים-נערוועזישקייט — ניוראָז "$A$":

ס'איז אָבער פאַראַן אַ צווייטע קאַטעגאָריע נערוועזע מענטשן, ווו די באַציונג צווישן דעם זעלביקן ניוראָז און גרופּן-לעבן איז אַן אומגעקערטע. אַזוינע מענטשן נעמלעך פילן זיך רויק און אויסגעגליכן אין דער היים, נאָר אין דער פרעמד-געזעלשאַפט פאַרלירן זיי לייכט די גלייכגעוויכט, ווערן אומרויק, צאַפּלדיק, אויפגערעגט, אַנגסטלעך. ביי אַזוינע מענטשן איז נעמלעך דאָס פאַמיליען-לעבן אַ האַרמאָניש, אָדער יעדנפאַלס אַזאַ, וואָס באַרויקט און דערמוטיקט, וואָס ברענגט דאָס געפיל פון זיכערקייט און וואַרעמער היימישער אַטמאָספער. אָבער די דאָזיקע מענטשן קאָנען זיך נישט ווי געהעריק איינלעבן און אויסלעבן אין דער פרעמד-געזעלשאַפט, וואָס בלייבט פאַר זיי שטאַרק אומצוגענגלעך, אַנטמוטיקנדיק און שוואַכט אָפּ דורך דעם זייער זעלבסט-באַהערשונג. ס'איז אַן אויסער-היים-ניוראָז — ניוראָז "$B$":

מיר וועלן נאָך קורץ דערמאָנען אַ דריטע קאַטעגאָריע, נעמלעך די נאַכט-ניוראָזן אָדער די אַליין-זיין-ניוראָזן. דאָ פילט זיך דער מענטש רויק און זעלבסט-באַהערשט אַזוי לאַנג, ווי ער איז צווישן מענטשן, אין וועלכער נישט איז גרופּע, אין דער היים-גרופּע צי אין דער פרעמד-גרופּע, — אָדער בכלל אין משך פון טאָג, ווען אויך אינעם איינזאַמען צימער דערגרייכן קלאַנגען פון דער רוישיקער גאַס און די באַרירונג מיט מענטשן איז לייכט מעגלעך

(פּאָטענציעל גרופּן-לעבן). אָבער ביינאַכט, ווען דער מענטש בלייבט „אַליין מיט זיך", ווערט ער אומזיכער און קאָן זיך נישט מער באַהערשן. טרויעריקע צוואַנג-אידייעס, גריבלעניש, צוואַנג-מוראס, האַרץ-קלאַפּן, שמערצן א. ד. ג.ל. רויבן דעם שלאָף. דער מענטש קאָן זיך נישט מער באַהערשן און מאַטערט זיך אין אַ שלאָפלאָזער אָדער בכלל אומרויקער נאַכט. (פאַר אַזוינע מענטשן איז די הייראַט וויכטיק נישט נאָר צוליב סעקסועלע טעמים, נאָר אויך בכדי צו באַהערשן דאָס „אַליין-זיין"). ס'איז דורכויס — אַן אַליין-זיין-נייראָז — נייראָז „O".:

דער אויספיר איז דער, אַז יעדער נייראָז טיילט זיך אויף פאַרשידענע אַרטן, אָפּהענגיק פון דעם, אין וועלכער פאָרם פונעם מענטשנס גרופּן-לעבן דער נייראָז אַנטפּלעקט זיך אָדער — אַנטפּלעקט זיך שטאַרקער. דאָס איז טאַקע אַ גרונט-כאַראַקטעריסטיק פונעם נייראָז, וואָס צום אונטערשייד פון דער עכטער גייסט-קראַנקייט (פּסיכאָז), ווערט ער באַאיינפלוסט פונעם מענטשנס פאַרשידענעם גרופּן-לעבן.

די דאָזיקע דערשיינונג וועט אָבער טיפער און קאָנקרעטער פאַרשטאַנען ווערן ביים קינדער-נייראָז, ווו ס'ווערט באַשיינפּערלעך אויפגעקלערט דער צוזאַמענהאַנג צווישן גרופּן-לעבן און פּסיכישער געזונטקייט.

זייט פיל יאָרן האָב איך אין מיין אַמבולאַטאָריע פאַר פּסיכיש אומנאָרמאַלע קינדער, וואָס כ'האָב געפירט אין פאַרשידענע שטעט, סיסטעמאַטיש באַאָבאַכטעט פאָלגנדיקע דערשיינונג. פון פאַרשידענע שולן קומען קינדער מיט די לערער (אָדער מיט די לערערס אָנווייזונגען) אין אַמבולאַטאָריע, וווהין ס'קומען אויך די עלטערן פון די קינדער. ס'פּאַסירט אָפט, אַז די לערער קלאָגן זיך אויף דער „נערוועזער" אומדיסציפּלינירטקייט פון קינד, ווען די עלטערן באַהויפּטן, אַז אין דער היים פירט זיך אויף דאָס קינד אָרדנטלעך נאָרמאַל.

ס'טרעפט אָבער פאַרקערט, אַז די עלטערן קלאָגן זיך אויף דעם נערוועזן אומרו פונעם קינד אין דער היים, ווען די לערער באַמערקן גאָרנישט אומנאָרמאַלס אין דער אויפפירונג פון דעם

זעלביקן קינד אין דער שול. ביי אזא ווידערשפרוך צווישן די אַנ־
גאָבן פון לערער און עלטערן איז מען גענייגט צו קלערן, אז איי־
נער פון די צדדים איבערטרייבט אָדער פאַרזעט די פאַקטן. ביי
גענויער נאָכפאָרשונג אָבער געפינט מען אין אזוינע פאַלן א גע־
זעצמעסיקע דיפערענץ צווישן דער אויפפירונג פונעם קינד אין
שול און אין דער היים. אויף וויפיל דעם קינד געלינגט אָדער גע־
לינגט נישט צו געפינען אַן אינדיווידועל פאַסיקן פלאַץ אינעם
גרופן־לעבן פון דער היים אָדער פון שול, אויף אַזוי פיל וועט די
ווירקונג פון דער באַטרעפנדיקער גרופע אויפן קינד זיין אַ דער־
ציעריש דערמוטיקנדיקע אָדער אַן אויפרעגנד אַנטמוטיקנדיקע.
ס'ווייזן זיך דאָ קלאָר אַרויס צוויי פאַרשידענע אַרטן פון קינדער־
נערוועזישקייט: היים־נערוועזישקייט און שול־נערוועזישקייט. אַט
אזוי קאָן מען באַאָבאַכטן ביי קינדער אויך די אַנדערע אַרטן פון
נערוועזישקייט, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער גאַס, מיט דער גע־
זעלשאַפט פון דערוואַקסענע, מיט דעם „אליין־זיין". אַט די פאַר־
שידענע אַרטן קאָן מען צוליב קורצקייט באַצייכענען לויט דער ריי
מיט די בוכשטאַבן: .O. D. C. B. A

דערמאָנען מיר קורץ אַלס ביישפּיל אזוינע פאַקטן. קינדער און
דערוואַקסענע, וואָס ליידן אויף שטאַמלען, זאָיקען זיך, ווייזן אַרויס
זייער ליידן נאָר ביים רעדן מיט אַנדערע. מאַנכע שטאַמלען אין
דער פרעמד־געזעלשאַפט, אָבער נישט אין דער היים (ניי־
ראָז „B" אָדער „D"), מאַנכע שטאַמלען אויך אָדער נאָר אין דער
היים (נייראָז „A")*). אָבער די מייסטע שטאַמלער קאָנען באַהערשן

---

*) ספּעציעל ביי היסטערישע שטאַמלער טרעפט מען אָפט, דאָס זיי
שטאַמלען בלויז אין דער היים צווישן אייגענע. ס'איז כדאי צו דער־
מאָנען דעם כאַראַקטעריסטישן פאַל פון אַ מיידל, וועלכע שטאַמלט שטאַרק
אין דער היים, אָבער אין דער פרעמד נעמט זי זיך אין די הענט און
רעדט נאָרמאַל. אַט אַזוי פלעגט זי אויך רעדן נאָרמאַל מיט איר חתן, כל
זמן ער איז געווען אַ חתן און צווישן זיי האָבן געהערשט די שפּאַנע־
דיקע חתן־כלה־באַציונגען. ווען זיי האָבן אָבער חתונה געהאַט און דער
געוועזענער חתן איז געוואָרן איר מאַן, אַן „אייגענער", האָט זי אַנגע־

זייער שפּראַך, ווען זיי ליידן אָדער רעדן פאַר זיך. פאַרקערט, דער אָנאַ־ניזם ביי קינדער (אויך ביי דערוואַקסענע) טרעט אויף נאָר דע־מאָלט, ווען מ'איז אַליין, מייסטנס ביינאַכט פאַרן שלאָף אָדער אינ־דערפרי פאַרן אויפשטיין (נייראָז "O"). אין דער אָנוועזנהייט אָבער פון אַנדערע באַהערשט דאָס קינד שטענדיק דעם קרענקלעכן אָנאַניסטישן רייץ*). מיר וועלן אָבער ווייטער זען, אַז די סאַמע פאַרשיידענע נערוועזע דערשיינונגען זענען ביי יעדן קינד פאַרבונדן בלויז מיט אַ באַשטימטער גרופּן־סביבה, וועלכע ווירקט אויפרעגנדיק אויף דאָס באַטרעפנדיקע קינד.

די אויפרעגנדיקע ווירקונג פון אַ באַשטימטער לעבנס־גרופּע אויפן קינד קאָן זיין אַזוי ווייט־גייענדיק, אַז ס'זאָל באַאיינפלוסן די האַלטונג פונעם קינד אויך אין אַנדערע גרופּן. דאָך וועט אין דער ערשטער גרופּע זיך אַרויסווייזן מיט באַזונדערער שאַרפקייט נישט נאָר די נערוועזישקייט אַליין, נאָר אויך די אַרויסרופנדיקע פאַק־טאָרן. ביי דער היים־נערוועזישקייט, למשל, קאָן די נעגאַטיווע ווירקונג פון דער היים אַזוי פאַרכאַפּן דאָס קינד, אַז עס זאָל דורך דעם ווערן נערוועז אויך אין דער שול. אָבער גראָד אין דער היים וועט די נערוועזישקייט אויפטרעטן אַמשאַרפסטן אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָרטיקע דענערווירנדיקע פאַקטאָרן.

ווי אַזוי אָבער ווירקט פּראַקטיש דאָס גרופּן־לעבן אויף דער פּסיכישער געזונטקייט?

---

הויבן אויך מיט אים צו שטאַמלען. דאָס דערמאָנט דעם אויבן געבראַכטן פאַל מיטן סוחר.

**) אַן אויסנאַם איז דער פרי־אַנאַניזם, וואָס טרעט אויף ביי קינדער אין די 1—3. לעבנס־יאָרן און וואָס קומט פאָר אויך אין דער אָנוועזנהייט פון אַנדערע, ווייל אין דעם פריען עלטער איז ביים קינד נאָך נישט אַנטוויקלט דאָס דיפערענצירטע גרופּן־געפיל, און עס איז, אַזוי צו זאָגן, אַלעמאָל אַליין פאַר זיך. דאָס זעלביקע איז אויך מיט עלטערע, אָבער שטאַרק אָפּגעשטאַנענע קינדער (אידיאָטן, אימבעצילן), ביי וועלכע ס'איז אומאַנטוויקלט דאָס דיפערענצירטע גרופּן־געפיל, און זיי קאָנען דערפאַר אומזשענירט פאַר אַלעמען אַנאַנירן.

אין די פאַלן, וואָס מיר ווענלן גלייך באַשרייבן, קאָן מען באַשיינפערלעך זען, אַז די פאַרבינדונג צווישן גרופּן-לעבן און נייראָזן געשעט דורך דעם שפּיל-פאַקטאָר. דער שפּיל איז לויט זיין נאַטור קאָלעקטיוויסטיש און איז דער סאַמע נאַטירלעכער און דאָמינירנדיקער אויסדרוק פון גרופּן-לעבן ביי קינדער. אויף דעם 3—2 לעבנס-יאָר, ווען דאָס קינד ווערט שפּראַך-פעיק, שפּילט עס מייסטנס נישט אַליין, נאָר מיט אַנדערע קינדער.*) ווען דאָס קינד קאָן נישט געפינען זיין אינדיווידועל פּאַסנדיקן פּלאַץ אין דער גרופּע, קאָן עס נישט אויסלעבן זיין עלעמענטאַרן שפּיל-דראַנג. דאָס אויספעלן פון שפּיל, די שפּיללאָזיקייט, פירט צו לאַנגווייל, צום געפיל פון „פוסטקייט״, וואָס ווערט געדעקט דורך נערוועזישקייט. ס'קומט אויס, אַז די געשטערטע גרופּן-באַציונגען ווירקן אומדירעקט אויף דער פסיכישער געזונטקייט, נעמלעך דורך דעם, וואָס ס'ווערט דערביי געשטערט דאָס נאַטירלעכע שפּיל-לעבן פון קינד.

ווי פאַרשידן ס'זאָלן נישט זיין די אָנשויאונגען וועגן שפּיל, איז אָבער אומבאַשטרייטבאַר דער ביאָלאָגישער פאַקט, אַז נישט נאָר ביי מענטשן, נאָר אויך ביי העכערע חיות איז דער שפּיל אַ גרונט-אינסטינקט, וואָס דאָמינירט אין לעבן פונעם וואַקסנדיקן אינדיוויד. ביאָלאָגיש קאָן מען איינזען, אַז די שטערונג פון אַזאַ גרונט-אינסטינקט, ווי שפּיל, מוז האָבן אַן ערנסטע ווירקונג אויף דעם גלייכגעוויכט פון קינדס פּסיכאָ-פיזישן לעבן. ס'איז אויך אומבאַשטרייטבאַר, אַז פּסיכאָלאָגיש איז דער שפּיל אוניווערסאַל, ד. ה. ער נעמט אַרום די סאַמע פאַרשידענע געביטן פון פּסיכישן לעבן. נישט נאָר די סענסאָרישע און מאָטאָרישע ספערע, נישט נאָר די

---

*) אַפילו ווען קינדער זענען אַליין און שפּילן פאַר זיך, האָבן זיי אין דער פאַנטאַזיע אַן אימאַזשענערן פּאַרטנער. דאָס שפּילצייג איז וועלכער ס'איז קעגנשטאַנד אָדער גאָר די הוילע פאַנטאַזיע רעפּרעזענטירט דעם אָפּוועזנדיקן מיטשפּילער. נאָר אין דער פרישטער קינדהייט, ביז 3—2 לעבנס-יאָר, פאַר דער שפּראַך-אַנטוויקלונג, שפּילן קינדער אַליין, ווייל ס'איז נאָך ביי זיי נישט אַנטוויקלט דאָס דיפערענצירטע גרופּן-געפיל. (זע ווייטער סוף קאַפּ. 8.)

אינטעלעקטועלע אָריענטירונג און די פֿאַרשטעלנדיקע פֿאַנטאַזיע וועקט דער שפּיל, נאָר אויך די סאַמע טיפֿע עמאָציעס, וואָס פֿאַרכאַפּן שטורמיש דאָס גאַנצע וועזן פֿונעם שפּילנדיקן קינד. מ'קאָן דערפֿאַר אויך פּסיכאָלאָגיש איינזען, אַז דאָס אויספֿעלן פֿון אַזאַ אַלץ אַרומנעמענדיקער און טיף פֿאַרכאַפּנדיקער אַקטיווישקייט, ווי דער שפּיל, מוז ברענגען אַן ערנסטע שטערונג אין דעם קינדס אַנטוויקלונג. דייטלעכער און טיפֿער וועט מען עס אָבער איינזען דורך דעם פּאַטאָלאָגישן מעטאָד אָדער אויספֿאַל-מעטאָד, ד. ה. דורך דער באַאָבאַכטונג פֿון יענע ערנסטע דערשיינונגען, וואָס אַנטשטייען בײַם קינד דורך דעם אויספֿעלן פֿון שפּיל. אייגנטלעך איז עס אַן עלעמענטאַרער גרונט-פֿאַקט אינעם קינדס לעבן, פֿון וועלכן מ'האָט נאָך ביז אַהער נישט געמאַכט די נויטיקע אויספֿירן. דאָס זעט מען אָבער קלאָר אַרויס דורך דעם אויספֿאַל-מעטאָד*). איז

---

*) ווי די וויטאַמינען זענען פֿאַרן אָרגאַניזם אַ לעבנס-וויכטיקער סטימול, אַ „צינד-פֿונק”, אַזוי איז דער שפּיל פֿאַרן נעוראָ-פּסיכישן לעבן אַ נויטיקער סטימול, אַ „פּסיכישער וויטאַמין”. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די וויכטיקייט פֿון וויטאַמינען פֿאַרן קערפּערלעכן לעבן האָט מען ערשט פֿאַרשטאַנען דורך דער באַאָבאַכטונג פֿון יענע קראַנקהייטן, ווי סקאָרבוט, א. ד. גל., וואָס אַנטשטייען בײַם אויספֿעלן פֿון די וויטאַמינען. אָט אַזוי קאָן מען אויך פֿאַרשטיין די לעבנס-וויכטיקייט פֿון שפּיל דורך דער באַאָבאַכטונג פֿון יענע נעוראָטישע און אַנדערע שטערונגען, וואָס אַנטשטייען דורך דעם אויספֿעלן פֿון שפּיל (אויספֿאַל-מעטאָד). דער נעוראָז איז, הייסט דאָס, אַ מין „פּסיכישער סקאָרבוט”. מ'קאָן דאָס געזאָגטע קורץ אויסדריקן אין פֿאָלגנדער גלײַכונג: שפּיללאָזיקייט-אַוויטאַמינאָזע-פּסיכישער-סקאָרבוט-נעוראָז. דער אויסדריק „פּסיכישער וויטאַמין” איז דאָ נישט בלויז אַ בילדלעכער פֿאַרגלײַך, נאָר ס'איז דער אויסדריק פֿון אַן אַלגעמיינעם ביאָלאָגישן פּרינציפּ, אַז פֿאַר יעדער לעבנס-סטרוקטור, סײַ אַ פֿיזישער, סײַ אַ פּסיכישער איז נויטיק נישט נאָר „נוצלעכע” אַרבעט - עלעמענטן, נאָר אויך אויפֿוועקנדיקע שפּיל-עלעמענטן (זע מײַן ווערק „דער וועג צום מענטש”, קאַפּ. 3—8; אויך דאָס בוך „חלום און שפּיל”, טייל 4).

דאָך דער שפּיל די סאַמע נאַטירלעכע און ספּאָנטאַנע טעטיקייט, וואָס מאַכט דאָס קינד אונטערנעמעריש, לעבנסלוסטיק און רופט אַרויס די שטאַרקסטע פּסיכישע שפּאַנונג — פּסיכישן טאָנוס. פאַרשידענע ליידן און דיסאָנאַנסן קאָן דאָס קינד פאַרגעסן אָדער גובר זיין בשעת און דורך דעם שפּיל-אימפּעט. ביים אויספעלן אָבער פון שפּיל בלייבט די פּסיכישע שפּאַנונג אומאויפגעוועקט — דאָס קינד ווערט אָפּגעלאָזן און געלאַנגווײַלט. ס׳קומט דאָס פיינלעכע געפיל פון אינערלעכער „פּוסטקייט“, פון „ליידיקער“ צייט, פון נישט וויסן וווּ-זיך-אַהינצוטון. די פריער באַהאַלטענע קרענקלעכע אָדער פאַרבאָטענע סאָציאַלע נייגונגען, וועלכע דאָס קינד קאָן געווינטלעך גובר זיין ביי דער שפּאַן-קראַפט פון נאַטירלעכן פּסיכישן לעבן — טרעטן אויף איצט אומבאַהערשט ביי דער אָפּגעלאָזנקייט פון שפּיללאָזער „ליידיקער“ צייט. אימפּולסיוו „נוצט אויס“ דאָס קינד די דאָזיקע איצט אומבאַהערשטע נייגונגען, כדי אויסצופילן די אומדערטרעגלעכע פּוסטקייט פון דער לאַנגווייל. אָדער דאָס קינד ווערט אויפגערעגט — „נערוועז“, אָדער ס׳דעקט די פּוסטקייט מיט אַנאַניזם (קאָמפּענסאַטאָרישער אָנאַניזם), אָדער ס׳געפינט דעם אויסוועג אין צולהכעיסדיקער צעלאָזנקייט (אומדיסציפּלינירטקייט). נישט וואָס איין נייגונג „פאַרוואַנדלט“ זיך אין דער אַנדערער (ווי ס׳מיינט דער פּסיכאָ-אַנאַליז), נאָר דער „פּוסט“-געוואָרענער לעבנס-דראַנג נוצט אויס דעם אָדער יענעם קוואַל פון ליידנשאַפט — לויט כאַראַקטער, דערציונג און סיטואַציע פונעם קינד. מ׳מוז נאָך אָט וואָס צוגעבן. יעדעס קינד האָט לויט עלטער און כאַראַקטער זיין אינדיווידועלן שפּיל-באַדאַרף אָדער, ווי מיר זאָגן, זיין אייגענעם שפּיל-קוואָטיענט. די שפּילן פון פינפיעריקע קינדער, למשל, וועלן נישט אינטערעסירן קיין נייניעריקע, די מיידלשע געלאַסענע שפּילן וועלן לאַנגווײַלן יינגלשע קאַמף-נאַטורן. ביים אויספעלן פונעם אינדיווידועל נויטיקן שפּיל-קוואָטיענט קומט עס ביים קינד צו אַ שפּיל-„דעפיציט“, וואָס ווערט געדעקט אויף דעם באַשריבענעם אופן דורך די נערוואָטישע אָדער אַנטי-סאָציאַלע דיספּאָזיציעס*).

מיר וועלן איצט ברענגען אייניקע כאַראַקטעריסטישע פאַלן, וועלכע כ׳האָב באַהאַנדלט אין דער דורך מיר געפירטער פּסיכאָ־היגיענישער באַראַטונג-שטעלע ביי דער געזעלשאַפט „טאָז" אין וואַרשע*).

15.2.34, לייבל, 9[6] אַלט, פאַלקשול-שילער, אין 3-טער אָפּ־טיילונג, אינטעליגענץ-קוואָטיענט — 102, קומט אין דער באַראַ־טונג-שטעלע מיט דער אָנווייזונג פון דער לערערין וועגן זיין אומ־נאָרמאַלער אויפפירונג אין שול. בשעת דעם אונטעריכט איז ער פּאַסיוו, צעשטרייט, אָפּוועזנד, צופּט די זייטלעך פון די העפטן, רייסט די שפּיצן, אָפּטמאָל שטייט ער בשעת דעם אונטעריכט, שטערט די לעקציעס. בשעת די פּויזעס שפּילט ער נישט מיט אַנדערע קינדער, נאָר שטייט פּאַסיוו אָן אַ זייט. מייסטנס בלייבט ער בשעת דער פּויזע איבער אין קלאַס מיטן יינגערן ברו־דער, ווען אַלע קינדער שפּילן אין גרויסן זאַל. אין דער היים, זאָגט דער פאָטער, איז גאָרנישט באַזונדערס צו באַמערקן. ער שפּילט אין דער היים אַליין אָדער מיט דעם יינגערן ברודער, אויפן הויף שפּילט ער מיט יינגערע קינדער, נאָר דער פאָטער לאָזט אים נישט זיך שפּילן מיט יינגערע. צוויי-דריי מאָל אַ וואָך נעצט ער ביי־נאַכט דאָס בעט (אומווילקירלעך השתנה-לאָזן). ער גייט נישט גערן אין שול, מען מוז אים יאָגן.

מיר האָבן דאָ אַ שול-נערוועזישקייט (ניוראָז „B"). כאָטש דער יינגל לייַדט אין דער היים פון בעט-נעצן, איז אָבער זיין האַלטונג באַזונדערש אומנאָרמאַל אין דער שול — סיי בשעת דער פּויזע, סיי בשעת דעם אונטעריכט. אויך געפינט מען (ביים וויי־טערן נאָכפאָרשן) גראָד אין שול די דענערווירנדיקע פאַקטאָרן. ס׳איז דערביי מערקווירדיק, וואָס די לערערין, אַ פעיקע באַאָבאַכ־

---

*) ביי יעדן באַשריבענעם פאַל ווערט ביים אָנהויב גע־געבן די דאַטע פונעם קינדס ערשטן באַזוך אין דער באַראַטונג-שטעלע. ביים עלטער ווערן די צאָל חדשים אונטערגעשטראָכן. מחמת פאַרשטענדלעכע טעמים ווערן געענדערט די נעמען פון די קינדער, אויך ווערן נישט אָנ־געגעבן די נעמען פון דער שול און די לערער.

טערין, ווייסט נישט די סיבה פון זיין מאָדנער איינזאַמקייט אין שול. פאַרוואָס איזאָלירט ער זיך בשעת דער פויזע פון די שפּילעוו־דיקע קינדער? ערשט דורך דעם שמועס מיטן יינגל איז עס אויפ־געקלערט געוואָרן.

ביים אַריינקומען צום דאָקטאָר זעט אויס דער יינגל אַפּאַ־טיש — אונטערדריקט: די הענט שלאַבריק אַראָפּגעלאָזן, דער גאַנג אומזיכער און וואַקלדיק, דער געזיכט־אויסדרוק אינדיפערענט. ער ענטפערט אויף אַלע פראַגן לאַנגזאַם, מיט אַ שטילן קול, אָבער גערן און קלאָר. מיט די קינדער וויל ער נישט שפּילן, זאָגט ער, ווייל זיי זענען „לאָבוסעס" און שלאָגן זיך. „כ'האָב מורא איינ־שטעלן, זיי זאָלן מיך נישט שלאָגן, דערפאַר שפּיל איך נישט". „אויפן הויף שפּיל איך נישט (מיט קינדער פון זיינע יאָרן), ווייל כ'האָב מורא פאַר לאָבוסעס". „היינט בין איך געזעסן אין קלאַס, איז געקומען אַ יינגל און האָט מיר געגעבן אַ פּאַטש אין בויך, כ'האָב נישט צוריקגעגעבן, ווייל כ'האָב מורא געהאַט, אַז ער זאָל מיך נאָך מער נישט שלאָגן". „כ'זע, אַז איך בין שוואַך, ווייל זיי שלאָגן מיך; ווען כ'וואָלט געווען אַ שטאַרקער יינגל, וואָלטן זיי פאַר מיר מורא געהאַט".

דאָ האָבן מיר אַן אויסגעשפּראָכענעם שול־נייראָז, נישט נאָר ווייל אין דער שול טרעט אויף באַזונדערש שטאַרק די אומנאָר־מאַלע האַלטונג פונעם קינד, נאָר אויך ווייל אין דער שול זעען מיר די סיבה פונעם קינדס האַלטונג, נעמלעך די אונטערדריקנ־דיקע ווירקונג פון דער שול־גרופּע אויפן קינד. — דאָס געפיל פון פיזישער שוואַכקייט און די באַגרינדעטע מורא פאַר די שטאַר־קערע יינגלעך, וואָס שלאָגן אים און וועלכע ער קאָן נישט צוריק־שלאָגן, די ביטערע דערפאַרונג און די גוט־איבערלייגטע פאַר־זיכט — אָט דאָס אַלץ צווינגט אים אויסצומייכן די „לאָבוסעס", און בשעת די פויזעס בלייבט ער מייסטנס איינזאַם אין קלאַס, אָבער די געצווונגענע איינזאַמקייט צעשטערט דאָס נאַטירלעכע שפּיל־לעבן — דער יינגל איז אויסגעשלאָסן פונעם גרופּן־שפּיל און ער קאָן נישט באַפרידיקן זיין עלעמענטאַרן שפּיל־דראַנג. זעט מען דאָ קלאָר, ווי דורך דער שפּיללאָזיקייט ווערט ביים יינגל פאַרענ־

דערט די פּסיכישע שפּאַן-קראַפט, דער לעבנס-אימפּעט בלייבט אומאויפגעוועקט. ס׳קומט צו אַזאַ אָפּגעלאָזנקייט, אַז ער האָט נישט קיין מינימום אַקטיוון אינטערעס בשעת דעם אונטעריכט און דער פּויזע. ער פאַרלירט דעם אינטערעס צו דער שול אַזוי, אַז אין דער היים מוז מען אים יאָגן אין שול. די אָפּגעלאָזנקייט שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער שלאַבריקער קערפּער-האַלטונג. די שוואַך געוואָרענע ווילנס-אימפּולסן באַהערשן נישט ווי געהעריק דעם אורין-אַפּאַראַט, און ס׳קומט צו אָפטן בעט-נעצן ביינאַכט. דער שפּיל-„דעפיציט" ווערט דאַ נעדעקט דורך אומדיסציפּלינירטע אויפרעגנדיקע אימפּולסן, ווי ציפּן און רייסן די העפטן בשעת דעם אונטעריכט, שטערן די לעקציעס. אויך דאָס בעט-נעצן ביינאַכט ווערט אַ מין אויפרעגנדיקע „געשעעניש", וואָס פּילט אויס צום טייל די „פּוסטקייט" פונעם שפּיללאָז-איינזאַמען לעבן.

דאָס געזאָגטע לאָזט אונז מאַכן דעם אויספיר, דאָס די פיזישע שוואַכקייט (ווי יעדעס אַנדערע מינדערווערטיקייט-געפיל) פירט נישט אַן-און-פאַר-זיך צו נערוועזישקייט, נאָר דעמאָלט און אויף אַזויפיל, אויף וויפיל ס׳ווערט דורך דעם געשטערט דאָס נאַטירלעכע שפּיל-לעבן פונעם קינד.

אויב ס׳איז ריכטיק אונזער דיאַגנאָז פון לייבלס שול-נערוועזישקייט, דאַרפן מיר קאָנען אויף אים גינסטיק ווירקן דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקער ענדערונג פון די שפּיל-מעגלעכקייטן אין דער שול. נאָך יענעם דערמאָנטן שמועס מיטן יינגל, האָב איך אים אַ פרעג געטון: „ווי וואָלט געווען, ווען בשעת דער פּויזע וואָלט די לערערין געשטאַנען אין גרויסן זאַל און אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל דיך נישט שלאָגן?" ער טראַכט אַ רגע און ענטפערט אַנטשידן: „דאַמאָלס וואָלט איך נישט מורא געהאַט צו שפּילן." מיר רופן אַריין די לערערין, אין אָנוועזנהייט פונעם יינגל דערקלערן מיר איר די גאַנצע סיטואַציע. זי נעמט אָן גלייך אונזער פאָרשלאָג אַכטונג צו געבן בשעת די פּויזעס, מ׳זאָל לייבלען נישט שלאָגן — ער קאָן זיך פילן פאָלקאָם געשיצט.

אין אַ וואָך אַרום איז לייבל געקומען אין באַראַטונג-שטעלע מיט אַן איבעראַשנדיקן שול-באַריכט. פאָרגעקומען איז נעמלעך אַט

וואָס. אויף מאָרגן נאָך יענעם ערשטן באַזוך ביי אונדז, איז די לערערין (ווי אָפּגערעדט) געווען אין זאַל בשעת דער פּויזע און פון וויטנס אכטונג נעגעבן (אומבאַמערקט פאַר אַנדערע קינדער), מ׳זאָל אים נישט שלאָגן. לייבל האָט זיך דורך דעם געפילט זיכער (טיילמאָל באַפּט ער אַ קוק אויף דער לערערין אָדער ער שיקט צו איר דעם יינגערן ברודער מיט אַן אָנזאָג וועגן אַ מעגלעכער דראָונג פון פּעטש), און ער האָט אָנגעהויבן שפּילן מיט די יינגלעך. נישט נאָר איז ער גלייך אַריין אין ברען פון שפּיל, נאָר האָט אויך פאַרנומען אַ גע-העריקן פּלאַץ אין דער שפּיל-גרופּע. מיט יעדן טאָג איז ער געווען אַלץ מער פאַרכאַפּט פונעם שפּיל-אימפּעט, אויפן דריטן טאָג האָט ער שוין געשפּילט אין דער שטאַרקסטער יינגל-גרופּע מיט זייערע שטור-מישע קאַמף-שפּילן. פּאַראַלעל מיט אָט דער וואַקסנדיקער שפּיל-טעטיקייט ביים יינגל, האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט זיין ביז אַהער אומנאָרמאַלע האַלטונג. ער מאַכט איצט יעדן טאָג די לעקציעס, גרייט צו די העפטן, שטערט נישט, איז אַקטיוו און אויפמערקזאַם (בשעת די לעקציעס). ס׳האָט זיך געענדערט דאָס אויסזען פונעם יינגל: פרייערע קערפּער-האַלטונג, דער קאָפּ אויפגעהויבן, די אויגן גלאַנצן. דאָס בעט-נעצן האָט אויפגעהערט, אַ חוץ זעלטענע פאַלן, וואָס קומען נאָך אַ געוויסע צייט אַלס כאַראַקטעריסטישע רעאַקציעס ביי יעדער נייער שפּיל-שטערונג. אַזוי האָט זיך, למשל, אַרויסגעוויזן, אַז די זעלטן געוואָרענע פאַלן פון בעט-נעצן ביינאַכט קומען פאַר ביים יינגל אַ׳ער אום שבת, ווען די יידישע שול איז געשלאָסן און ער האָט נישט אין דעם היים מיט וועמען צו שפּילן (אויפן הויף האָט ער נאָך אַלץ מורא פאַר די „לאָבוסעס״, און אין שטוב איז דאָ בלויז דער איינציקער יינגערער ברודער, מיט וועמען ער גייט נאָר „שפּאַצירן״), אָדער אין אַ טאָג, ווען ער האָט, למשל, געכאַפּט אַ פּאַטש פון אַ חבר און ער האָט ווידער נישט געשפּילט. אָט די עמפּינדלעכקייט צו שפּיל-שטערונגען (וואָס קאָנען נאָך עפּיזאָדיש אַרויסרופן די פריערע סימפּטאָמען) באַצייכענען מיר אַלס רעזידואַלע שפּיל-עמפּינדלעכקייט, וואָס מיר וועלן ווייטער באַמערקן אויך אין אַנדערע פאַלן אַ געוויסע צייט נאָך דער היילונג. ס׳איז ווי אַן אויסגע-לענקטע האַנט, וואָס מ׳האָט מיט אַ פּאַסיקער באַוועגונג אַריינגעבראַכט

צוריק אין געלענק, אָבער מ'מוז זי אויף דער ערשטער צייט פיקסירן, אַנישט קאָן זי זיך ווידער ארויסגליטשן פון געלענק. אָט אַזוי קאָן מען מיט אַ פּאַסיקער פּעדאַגאָגישער ווירקונג אַריינברענגען דאָס נייראָטיש אויסגעגליטשטע קינד צוריק אין נאָרמאַלן שפּיל־לעבן. אָבער די ערשטע צייט, כל זמן די נייע שפּיל־סיטואַציע איז נישט גענוג איינגעפעסטיקט, קאָן ביי יעדער שפּיל־שטערונג דאָס קינד זיך ווידער נייראָטיש אַרויסגליטשן.

אין דער הינזיכט איז באַלערנדיק נאָך אַן עפּיזאָד. עטלעכע וואָכן נאָך דעם, ווי לייבל האָט זיך נאָרמאַליזירט, האָט מען אים (אויף דער אָנרעגונג פון דער לערערין) אויסגעוויילט פאַר אַן אָרדנער. לייבל האָט ערנסט גענומען זיין אַמט, די גאַנצע פּויזעס איז ער געווען פאַרנומען מיט אָרדנער־אַרבעט ביי די שאַפעס. יענעם טאָג איז ער אויף די לעקציעס „ווידער" געווען ווי אַמאָל — אָפּגעלאָזן, צעשטרייט, אָפּוועזנד. דאָס באַווייזט, ערשטנס, די נאָך וואָס דער־מאָנטע רעזידואַלע עמפּינדלעכקייט ביים אויספעלן פון שפּיל. צווייטנס, זעט מען דאָ, אַז כאָטש דאָס מינדערווערטיקייט־געפיל פון שוואַכן ייִנגל ווערט קאָמפּענסירט דורך דער דערמוטיגנדיקער הייך־שטעלונג פון אַן אָרדנער, קאָן אָבער די נערוועזע האַלטונג באַזייטיקט ווערן נאָר דורך דער אויפשטעלונג פון נאַטירלעכן שפּיל־לעבן. אַנט־שיידנדיק פאַר דער פּסיכישער געזונטקייט איז דערפאַר נישט דאָס מינדערווערטיקייט־געפיל (ווי די אַדלערישע שול מיינט), נאָר דער נאָרמאַלער שפּיל־דראַנג, דורך וועלכן דאָס קינד קאָן פאַרגעסן אָדער גובר זיין סאַמע פאַרשידענע ליידן און פיינלעכע געפילן.

מיר וועלן איצט גאַנץ קורץ באַשרייבן אַ צווייטן ענלעכן פאַל פון שול־נערוועזישקייט, וואָס האָט נאָך נאָר אייגנאַרטיקע פּרטים.

22.2.34. מענדל, 11 יאָר, פאָלק־שול־שילער, 5־טע אָפּטיילונג.

אין דער היים, זאָגן די עלטערן, איז דער ייִנגל אָרדנטלעך רואיק, נאָר אין דער שול קלאָגט זיך די לערערין אויף זיין אומנאָר־מאַלער האַלטונג (ניידאָז B). בשעת דעם אונטעריכט איז ער אומ־רואיק, מאַכט פאַרשידענע קונצן צו ציען די אויפמערקזאַמקייט, מאַכט נישט פּינקטלעך די לעקציעס, האַלט שמוציק די העפטן. בשעת דער־

פויזע דרייט ער זיך ארום אומעטיק אײנער אליין אדער ער שפּילט אמאל מיט די מיידלעך (אין קלאס זענען דא 24 יינגלעך און 4 מייד-לעך) אדער שוואכערע קינדער. ער קריגט זיך מיט אלעמען, טוט אויף צולהכעיס, רעדט פּאַרנאָגראַפּישע רייד, וואָס רעגן אויף די קינדער.

אויך דאָ ווערט אויפגעקלערט די סיטואַציע ערשט דורך דעם שמועס מיטן יינגל. מ'דערוויסט זיך פון אים נעמלעך, אַז ער האָט אנגסט פאר די שטאַרקערע יינגלעך, וואָס שלאָגן אים און ער קאָן נישט צוריקשלאָגן, „ווייל כ'האָב נישט אַזאַ קראַפט". טאַקע דערפאַר שפּילט ער נישט מיט די שטאַרקערע. „די שוואַכערע קינדער דרייען זיך ארום ביי די ווענט (בשעת דער פויזע)". די מיאוסע רייד זאָגט ער צו די מיידלעך, ווייל זיי טשעפּען זיך מיט אים. דאָס נישט קאָנען שפּילן ברענגט דאָ, ווי אין פריערדיקן פאַל, די אָפּגעלאָזנקייט, דער יינגל פאַרלירט דעם אַקטיוון אינטערעס צו דער שול, צו די למודים. ביי דעם נישט אויפגעוועקטן שפּיל-אימפּעט קאָן ער איצט נישט באַהערשן זיינע ביז אַהער פאַרבאָרגענע אינדיווידועלע קרענקלעך-אימפּולסיווע נייגונגען. דער שפּיל-דעפיציט ווערט געדעקט דורך אַט די אומבאַהערשטע אויסברוכן — אומרואיקע האַלטונג, קונצן-מאַכן, פּאַרנאָגראַפישע רייד.

אויף דעם פריער באַשריבענעם אופן האָבן מיר רעקאָמענדירט דער לערערין אַכטונג געבן בשעת דער פויזע, מ'זאָל אים נישט שלאָגן. דער יינגל ווערט טאַקע דורך דעם גיך אריינגעצויגן אין די שפּילן (בשעת דער פויזע) — און מיטאַמאָל ענדערט זיך ראַדי-קאַל זיין האַלטונג: ער איז דיסציפּלינירט ביים אונטעריכט, לערנט גוט, מאַכט די לעקציעס, אַפילו אין רעכענען איז ער בעסער (ער איז שטענדיק געווען שוואַך אין רעכענען). עטוואָס לאַנגזאַמער גייט די אָפּגעוווינונג פון די פּאַרנאָגראַפישע רייד. אויך דאָ ווייזט זיך ארויס די רעזידואַלע שפּיל-עמפינדלעכקייט: ביי יעדער ווידער-אויפטרעטנדיקער שפּיל-שטערונג קומען צוריק די פריערע סימפּטאָמען, וואָס פאַרשווינדן ערשט ביים אָנקומען פון דער שפּיל-פרייהייט. אין דעם פאַל זעט מען אויך די ווירקונג פונעם שפּיל-לעבן אויף די אינטעלעקטועלע פּראָצעסן. די לערערין באַריכטעט: „ווען ער שפּילט אויף די פויזעס אומגעשטערט פריי מיט די יינגלעך, לערנט ער

גלענצנד בשעת דעם אונטעריכט, רעכנט בעסער.'' דאָס רעכענען איז לויט דער לערערינס באַריכט אַ מין „באַראָמעטער'' פון זיין שפּיל־שטימונג בשעת דער פּויזע.

מיר וועלן איצט ברענגען אַ זייער אינטערעסאַנטן פאַל פון היים־נערוועזישקייט (ניראָז A), וואָס האָט ביי דער באַהאַנדלונג זייער אָפט אָנגענומען אַ דראַמאַטישן כאַראַקטער.

מיראַ, 9 יאָר אַלט, פּריוואַטע פאָלק־שול, 5־טע אָפּטיילונג. דער פאָטער אַן אינזשינער, וווינט אין אַ שטעטל הינטער וואַרשע. האַרבסט 1933, ברענגט זי דער פאָטער צו מיר אין מיין פּריוואַט־וווינונג אין וואַרשע. ס'איז געווען אַרום 12 אַזייגער בייטאָג. דער פאָטער האָט זי געפירט פון שול אַ היים און וועג האָט ער זי געבעטן אַריינגיין מיט אים אויף אַ ווײַלע כלומרשט צו אַ באַקאַנטן. ווי נאָר זי איז אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען, אַז מ'פירט זי צו אַ דאָקטאָר (דעם טריק האָט דער פאָטער געמאַכט אָן מיין ידיעה). מירא האָט מיטאַמאָל אויפגעהויבן אַזוינע היסטערישע געוואַלדן, דאָס נישט נאָר אין מיין דירה, נאָר פון אַלע שכנותדיקע וווינונגען זענען זיך מענטשן אין גרויס שרעק צונויפגעלאָפן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. מ'האָט זי קוים געקענט גלייך אָוועקפירן. אָט די גאַנצע סצענע האָט שפּעטער באַקומען אַ באַזונדערע באַדייטונג.

די עלטערן האָבן נאָכדעם געשילדערט אַזאַ בילד פונעם קינדס אויפפירונג אין דער היים: מירא איז אין דער היים אומגעצוימט ווילד, דעספּאָטיש, אַגרעסיוו. זי שלאָגט זיך מיט די קינדער, אויך מיט דער מוטער. ס'האָט נישט איינמאָל פּאַסירט, אַז ווען די מוטער ליגט אין דער פרי אין בעט, און זי, מירא, איז שוין אויפגעשטאַנען, טרייבט זי מיט אַלע מיטלען די מוטער אויפצושטיין — כאַפּט, וואָס ס'פאַלט איר אין די הענט, שלאָגט די מוטער און שרייט „אַלטע מכשפה''. זי האָט ליב די מוטער אויף איר אַגרעסיוון (שיר נישט סאַדיסטישן) שטייגער. זי האָט, למשל, גערן, די מוטער זאָל זי קושן. קוים אָבער וויל די מוטער זי נישט קושן, שלאָגט זי, שרייט און שילט זיך. די מוטער באַנוצט זיך מיט אַ רוט — זי ליגט אַוועק דאָס קינד אויף אַ סאָפע און שלאָגט זי מאַנכמאָל מיט דער רוט אַזוי שטאַרק, אַז ס'בלייבן רויטע פּאַסן אויפן קערפּער. אָבער כאָטש די

מוטער שטראָפט און שלאָגט מיראַן אַזוי אומבּרחמנותדיק, קושט זי דאָך אָפּט דאָס קינד און גיט אים נאָך. און אָט זענען אייניקע פאַקטן פונעם קינדס פאַרגאַנגנהייט.

שוין אין דעם ערשטן לעבּנס־יאָר איז מירא געווען אומרואיק, פלעגט אָפט וויינען בּיינאַכט, און מ׳פלעגט זי מוזן נעמען בּיינאַכט צו דער בּרוסט, כּדי זי צו בּאַרואיקן (שוין דאַמאָלס, הייסט דאָס, נאָכגעגעבּן דעם קינדס אומרו). בּיז דריי יאָר פלעגט זי אָפט בּרעכן עטלעכע מאָל אַ טאָג, די מוטער פלעגט שוין דאַן שלאָגן דאָס קינד פאַר דעם בּרעכן, דער פאָטער האָט זיך דאַמאָלס בּאַמיט מיט צערט־לעכקייט צו בּאַרואיקן דאָס קינד; אַ געוויסע צייט האָט עס געהאָלפן. אויפן זיבּעטן לעבּנס־יאָר האָט זי אָנגעהויבּן גיין אין שול, צוערשט אָן חשק, בּאַלד אָבּער האָט זי זיך שטאַרק איינגעלעבּט אין דער שול און בּאַקומען גרויס אינטערעס. זי לאָזט אַ טאָג נישט אַדורך. אין מיטן נאַכט פלעגט זי זיך אָפט אויפכאַפּן, פרעגן, ווי שפּעט ס׳איז, זי האָט מורא צו פאַרשפּעטיקן אין שול. בּיז אויפן היינטיקן טאָג לערנט זי אין דער זעלבּער שול, וווהין זי גייט מיט גרויס אינטערעס. אין דער היים ווערט זי אָבּער מיט יעדן יאָר אַלץ מער דעספּאָטיש ווילד. ס׳קומען שטענדיק פאָר אין שטוב וויסטע סקאַנדאַלן. זי האָט, למשל, אַ ספּעציעלן אָרט בּיים טיש, קיינער טאָר זיך אויף דעם פּלאַץ נישט זעצן, אַ נישט — רייסט זי ווילד אַראָפּ דאָס טישטעך און וואַרפט אַלץ אַראָפּ פון טיש. ס׳קרענקט אויך מיראַן די אייפער־זוכט צו דער עלטערער שוועסטער, וואָס איז בּאַגאַבּט און דערבּיי אויך סאָליד־לייטיש. די עלטערן שענקען בּכיוון מער אויפמערקזאַמ־קייט דער עלטערער שוועסטער און שטעלן זי אַרויס מיראַן פאַר אַ מוסטער. דאָס רופט אָבּער אַרויס בּיי מיראַן האַס און פאַרבּיטע־רונג צו דער שוועסטער. בּשעת כּעס ווערט זי ווילד און בּלאַס. זי שרייט, אַז זי וועט דערהאַרגענען די מוטער, זי וועט דערהאַרגענען די גאַנצע וועלט און בּלייבּן אַליין מיט דעם פאָטער. מ׳דאַרף דאָך נישט „אויסטייטשן״ לויט דער פּסיכאָ־אַנאַליטישער מיסטיק פון עדיפּוס־קאָמפּלעקס. די מעשה איז דאָ פיל איינפאַכער און נאַטיר־לעכער, וואָס די מוטער, איבּערלעסטיקט פון שטוב־זאָרגן, איז „נער־וועז״, ווערט זייער לייכט אויפגערעגט, ווען דער פאָטער איז אַ מער

רואיקער מענטש, קומט מייסטנס ערשט אין אוונט פון דער ארבעט אהיים, קאן ער זיך מער באהערשן און באהאנדלען דאס קינד מער איינגעהאלטן (כאטש ער שטראפט אויך נישט זעלטן דאס קינד זייער הארב).

אין קעגנזאץ צום געזאגטן וועגן דעם קינדס ווילדער אגרעסיווער אויפירונג אין דער היים, איז זייער איבעראשנד דער שול-באריכט. יעדע לערערין באזונדער און די פארוואלטערין באריכטן איינשטימיק אין א געמיינזאמען שריפטלעכן באריכט, אז מירא איז אין שול געהארכזאם, דיסציפלינירט, רואיק און ארטיק. זי דערפילט זייער גוט אירע שול-פליכטן, לערנט זיך דערפאלגרייך, איז שעמעוודיק, ענטפערט גוט אין קלאס אויף די לערערס פראגן, שפרינגט אבער אליין נישט ארויס מיט רייד, איז איינגעהאלטן און נישט דרייסט. אט זענען א פאר ציטאטן פונעם שול-באריכט וועגן מיראן: „קריגט זיך קיינמאל נישט מיט אנדערע קינדער, און אין אלגעמיין איז איר צוזאמענלעבן מיט זיי פריינטלעך", „זי פארהאלט זיך רואיק אין קלאס, מישט זיך קיינמאל נישט אריין, ווען א צווייטע שילערין ענטפערט". ווי איבעראשנדיק דער שול-באריכט זאל נישט זיין, ווערט ער דאך אומדירעקט באשטעטיקט דורך דעם פאקט, וואס די עלטערן אליין דערציילן, אז מירא גייט אין שול זייער גערן, לאזט קיינמאל קיין טאג נישט אדורך און כאפט זיך אויף פרי אויס מורא נישט צו פארשפעטיקן אין שול.

מיר האבן דא אן אויפפאלנדיק שארפן פאל פון היים-נערוועזישקייט (נייראז A). נישט נאר ווייזט ארויס מירא היסטערישאגרעסיווע סימפטאמען בלויז אין דער היים, נאר אויך זעען מיר דארט די קראנקמאכנדיקע פאקטארן. די נייראטישע דיספאזיציע פון קינד, וואס ווייזט זיך שוין ארויס אויפן ערשטן לעבנס-יאר, ווערט צערייצט דורך דער אומגלייכמעסיקער דערציונג פון דער מוטער, וואס אט שלאגט זי דאס קינד אומברחמנותדיק און אט קושט זי עס און גיט אים נאך. הויפטזאכלעך אבער איז מירא זייער באגאבט (אינטעליגענץ-קוואטיענט איבערנארמאל = 117), און ענערגיש. האט לויט טעמפעראמענט א גרויסן שפיל-קוואטיענט. אין דער היים מאכט זי שנעל אירע לעקציעס און האט נאכדעם פיל „ליידיקע" צייט. אנ-

שטאָט פּראָדוקטיוון שפּיל, קומען היסטעריש־דראַמאַטישע קאָנפליקטן מיט מוטער און שוועסטער, וואָס דעקן דעם שפּיל־„דעפיציט״.

ס׳איז צווישן מוטער און טאָכטער יענע אַגרעסיוו־צאַרטע האַס־ליבע־באַציונג, וואָס קומט אָפט פאָר צווישן ליידנשאַפטלעכע נאַטורן, וועלכע זענען צווישן זיך נאָענט און לעבן צוזאַמען. מיר באַצייכענען עס אַלס „סטרינדבערג־קאָמפּלעקס״. אין דער דראַמע „טויטן־טאַנץ״ שילדערט סטרינדבערג אַזאַ באַציונג צווישן מאַן און ווייב, וואָס גריזשען זיך אומאויפהערלעך ביז דערשעפּונג און קאָנען זיך דאָך איינער פונעם אַנדערן נישט אָפּרייסן. מיט סטרינדבערגן אַליין פלעגט עס אָפט פאַסירן, ווי ס׳איז באַקאַנט פון זיין ביאָגראַפיע.

די ראָמאַנטישע פאַרערונג פאַר דער געליבטער, איידער מ׳האָט זי דערוואָרבן, ווען זי איז נאָך „פרעמד״, פאַרוואַנדלט זיך נאָך דער חתונה אין אַ שווערן האַס — ליבע — געראַנגל צווישן „איינענע״ מענטשן. די מעשה איז, וואָס ביי נאָענטקייט צווישן ליידנשאַפטלעכע מענטשן אַנטוויקלען זיך דיאַלעקטיש צוויי קעגנזעצלעכע געפילן. מ׳ווערט אַלץ מער צוגעוווינט און צוגעבונדן צום „איינענעם״ מענטשן, וועלכער הויבט אָבער אָן גלייכצייטיק אַלץ מער צו דערעסן און לאַנגווייליקן ווי אַ זיך איינעסנדיקע, טאָג־טעגלעך זיך איבערחזרנדיקע דערשיינונג. וואָס ליידנשאַפטלעכער דער מענטש, אַלץ גרעסער איז זיין שפּיל־דראַנג (שפּיל־קוואָטיענט), וואָס גאַרט דאָס נייע, דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס פרעמדע, אינטריגירנדיקע. ווען די שטענדיק זיך קריגנדיקע מאַן און ווייב צעשיידן זיך צייטווייליק, קאָנען זיי נאָך אַ געוויסער צייט אָנהייבן בענקען איינער צום צווייטן, און ווען זיי קומען זיך ווידער צונויף, זענען זיי אַ געוויסע צייט ניי, ווי איבער־ראַשנדיק איינער פאַר דעם צווייטן און פרייען זיך קעגנזייטיק. די פריידיקע איבעראַשונג פונעם ווידערזען איז אַן אָפּפרישנדיקער שפּיל־עלעמענט אינעם לאַנגווייליק געוואָרענעם פאַמיליען־לעבן. אָט אַזוי ווירקט אויך אָפּפרישנדיק אין אַזאַ פאַמיליען־לעבן אַ טראַגישע אָדער עקסטאַטישע געשעעניש (קראַנקייט, געפאַר, געבורט פון אַ געווונטשן קינד א. ד. גל.), וואָס פאַרכאַפּט די געמיטער און פאַרטרייבט די צעקרינגט מאַכנדיקע לאַנגוויייל. פאַר דער פּסיכאָ־היגיענע פון פאַ־מיליען־לעבן איז דערפאַר זייער וויכטיק אַ פּעריאָדישע צעשיידונג,

וואָס טראָגט אַריין אָפּפּרישנדיקע שפּיל־עלעמענטן אין דער געפּער־לעך ווערנדיקער לאַנגווייל פון שטענדיק זיך טרעפנדיקע מענטשן. אין דער יידישער רעליגיע איז עס געווען די אַבסאָלוטע צוויי־וואָכיקע צעשיידונג אין יעדן מאָנאַט. לויט כאַראַקטער, דערציונג און סי־טואַציע מוז עס, פאַרשטייט זיך, אינדיווידואַליזירט ווערן.

מיר קאָנען אַלזאָ אַזוי דעפינירן דעם סטרינדבערג־קאָמפּלעקס: דער שפּיל־דעפיציט אָדער די לאַנגווייל צווישן נאָענטע, שטענדיק צוזאַמענלעבנדיקע מענטשן ווערט געדעקט אימפּולסיוו דורך אַגרע־סיווע האַס־ליבע־קריגערייען, וואָס פאַרשווינדן ביים אויפקומען פון אַן אָפּפּרישנדיקן שפּיל־עלעמענט.

ביי מיראַן זעען מיר אַ שווערן סטרינדבערג־קאָמפּלעקס. דאָס מיידל האָט אין דער היים פיל „לייַדיקע" צייט און האָט נישט דער־ביי מיט וועמען צו שפּילן. די שפּיללאָזיקייט פאַרמינערט די פּסיכישע שפּאַן־קראַפט פונעם קינד, די שפּאַנענדיקע זעלבסט־באַהערשונג. ס'קומט צו אַן אָפּגעלאָזנקייט, און דאָס קינד קאָן נישט מער באַ־הערשן די אַגרעסיווע נייגונגען פון איר שטאַרקער נאַטור. מוטער און טאָכטער, ביידע ליידנשאַפטלעך אומגעדולדיק, כאָטש אַפילו (אָדער דווקא דערפאַר), וואָס זיי זענען שטאַרק צוגעבונדן און צוגעוווינט איינע צו דער אַנדערער, דערעסן זיי זיך און גריזשען זיך קעגנזייטיק. דער שפּיל־דעפיציט, די היימיש־גרויע פאַרביטערטע לאַנגווייל, ווערט געדעקט דורך דער האַס־ליבע־גריזאָטע, וואָס דערפירט זיי צו ווילדע געוואַלט־טאַטן.

און דאָ ווייזט זיך אַרויס אַ וויכטיקע דערשיינונג. ווייל דער פאָטער האָט געפירט מיראַן צום דאָקטאָר (ד. ה. צו מיר), ווערט דורכדעם דער דאָקטאָר אַסאָציאירט (אינעם קינדס באַוווסטזיין) מיט דער אָנגעווייטיקטער היים־גרופּע (אַנדערש איז די באַציונג צום שול־דאָקטאָר, וואָס איז אַסאָציאירט מיט דער שול־גרופּע). דער דאָקטאָר, דער געוואָרענער רעפּרעזענטאַנט פון דער היים־גרופּע, איז דערצו נאָך אומהיימלעך פרעמד, פירכטלעך, פאַרדעכטיק (מ'האָט שוין איינמאָל געוואָלט זי ברענגען אין אַנשטאַלט, האָט עס ביי איר אַרויסגערופן גרויס שרעק) — ווערט ביים קינד אָט די נעגאַטיווע רעאַקציע צום דאָקטאָר קרענקלעך אינטענסיוו. דאָס קינד שרייט היסטעריש און

אנטלויפט אין ווילדן שרעק פון דאָקטאָרס הויז. מער ווי אַ יאָר נאָך מיין אָפּוועזנהייט פון וואַרשע, ערשט אין האַרבסט 1934, האָט זיך דער פאָטער צו מיר ווידער געווענדט. ס'איז פאַר מיר איצט געשטאַנען די אויפגאַבע צו באַקומען קאָנטאַקט מיטן קינד דורך אַ נייער אַסאָציאירונג פונעם דאָקטאָר מיט דער שול־גרופּע. דאָס איז דער אינטערעסאַנטער פּראָצעס פון פּסיכישער גרופּן־דיפוזיע אָדער גרופּן־אומשלוס, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט אינעם ערשטן האַלבן יאָר 1934 אין אונדזער באַראַטונג־שטעלע. אָט דעם פּראָצעס וועלן מיר באַשרייבן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

דערוויל קאָנען מיר מאַכן דעם פּראַקטישן אויספיר: ביי דער היים־נערוועזישקייט דאַרף מיט דעם קינד גיין צום דאָקטאָר (אין דער באַראַטונג־שטעלע) צוערשט דער שול־דערציער, גלייך ווי ביי דער שול־נערוועזישקייט איז עס געווונטשן, אַז מיטן קינד זאָל קומען עמעצער פון דער פאַמיליע. וואָס שאַרפער דער נייראָז, וואָס אָנגעצויגענער די באַציונגען, אַלץ מער איז געווונטשן די פּאַסיקע פאַרמיטלונג צווישן קינד און דער באַראַטונג־שטעלע.

קאפיטל 2

# גרופּן־דיפוזיע און גרופּן־אומשלוס

אויב דער קינדער־נייראָז איז תמיד פאַרבונדן, ווי מיר האָבן געזען, מיט אַ באַשטימטער סאָציאַלער גרופּע און ווערט באַהערשט אין אַן אַנדערער גרופּע — צי קאָן מען נישט שאַפן אַ דורכדרינגונג (דיפוזיע) צווישן די ביידע גרופּעס?

שוין אין פּריוואַט־לעבן ביי דערוואַקסענע מאַכן פאַרשידענע מענטשן פּרוּוון פון גרופּן־דיפוזיע. שעמעוודיקע, אָפּגעשלאָסענע נאַ־טורן, וואָס פילן זיך גוט נאָר אין דער היים, ווילן גיין אין דער פרעמד מיט אַן אייגענעם מענטשן אָדער האָבן דאָרט אַן אייגענעם. זיי זוכן בכלל עטוואָס אייגנס, כדי צו פאַרהיימישן די פרעמדע אַטמאָספער. פאַרקערט, פאַמיליען־מענטשן, וואָס רייסן זיך שטענדיק צווישן זיך, און וועלכע די היים האָט זיך גוט איינגעגעסן, פרייען זיך, ווען ס׳קומט איינער פון דער פרעמד, אַ גאַסט, וואָס רופט אַרויס אינטערעס און שפּאַנונג. זיי זוכן בכלל עפּעס, וואָס קאָן באַנייען די היימישע גרויע אַלטעגלעכקייט. ס׳איז באַקאַנט דער וויץ פונעם איינגעגלאַדענעם סענאַטאָר אויף אַ פּריוואַטער טיי־געזעלשאַפט. ווען דער באַלעבאָס בעט אים גאַסטפריינטלעך, ער זאָל זיך פילן ווי אין דער היים, ענטפערט אים שמייכלענדיק דער סענאַטאָר: אָבער נאָר נישט ווי אין דער היים, דאָרט לאָזט מיך דאָס ווייב דאָס מויל נישט עפענען.

די סאַמע דאָמינירנדיקע סאָציאַלע גרופּעס ביים מענטשן זענען אין אַלגעמיין די היים־גרופּע און די אויסער־היים־גרופּע. ביים קינד זענען עס די היים־גרופּע און די שול־גרופּע.

ביי דער אויבן־געשילדערטער היים־נערוועזישקייט פון מיראַן, האָבן מיר סיסטעמאַטיש פּרובירט צו ענדערן די דענערוווירנדיקע

היים־אטמאָספער דורך אַנטשפּרעכנדיקע שול־עלעמענטן. ס'האָבן זיך דערביי אַרויסגעוויקלט זייער אינטערעסאַנטע פּראָצעסן, וואָס מיר וועלן קורץ באַשרייבן און וועלכע ווייזן אָן אַלגעמיינע ריכט־ליניעס.

27.2.34. העכער ווי אַ יאָר נאָך דעם ערשטן אויבן באַשריבענעם טרויעריקן באַזוך פון מיראַן ביי מיר, זענען די עלטערן געקומען איצט צו מיר פון דער פּראָווינץ אין דער נאַר־וואָס געעפנטער באַראַטונג־שטעלע אין וואַרשע. די עלטערן האָבן געבעטן אַן עצה וועגן דעם מיידעלע, וואָס האָט זיך פאַרן יאָר נישט געענדערט. ווי דאַמאָלס איז זי אומדערטרעגלעך אַגרעסיוו אין דער היים, ווען אין שול איז זי פּלייסיק, דיסציפּלינירט, רואיק און באַליבט. די עלטערן האָבן צוגעגעבן, אַז ס'איז אוממעגלעך צו ברענגען דאָס קינד צו מיר אין באַראַטונג־שטעלע. מען טאָר איר מיין נאָמען נישט דערמאָנען. זינט איר ערשטן באַזוך פּאַראַיאָרן, בין איך ביי איר אַסאָציאירט מיט דער פאַמיליע, דערצו נאָך פרעמד־פיינטלעך און אָפּשרעקנדיק.

כדי צו געווינען צוטרשט אַ קאָנטאַקט מיטן קינד, האָבן מיר אָנגעהויבן דורכפירן דעם פּראָצעס פון איבער־אַסאָציאירונג אָדער אומשלום, ד. ה. איבערטראָגן מיין אַסאָציאירונג פון דער פאַמיליען־גרופּע אויף דער שול־גרופּע. אָט ווי מיר האָבן עס דורכגעפירט.

דעם 23/III. בין איך און מיין אַסיסטענטין ס. אַראָפּגעפאָרן אינעם שטעטל פאַרמיטאָג מיט אַ באַזוך אין דער שול, ווו מירא לערנט. צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטערין זענען מיר געווען אָנוועזנד אויף דער לעקציע פון ריטמיק. מ'האָט פאַר אונדז ספּעציעל אַריינגעטראָגן שטולן. די לערערין פון ריטמיק, וועלכע איז זייער אָנגענעם און באַליבט ביי די קינדער, האָט מיר געשענקט גרויס אויפמערקזאַמקייט. דאָס האָט שטאַרק געהויבן מיין פּרעסטיזש ביי די קינדער, וועלכע האָבן געקוקט אויף אונדז מיט נייגיר און אינטערעס. הגם כ'קוק נישט אויף מיראַן, האָט זי מיך אָפּנים באַמערקט, האָט כסדר אָוועקגעקוקט פון מיר אָדער געוואָרפן בליקן פון דער זייט. צווישן די 15 קינדער פון איר קלאַס, אַלע מיידלעך, צייכנט זי זיך אויס מיט איר פעסט געבויטן קערפּער, זי איז דיקלעך און פאַרויטלט. בשעת דער לעקציע פון ריטמיק פירט זי אויס די

באַוועגונגען זייער רואיק, איינגעהאַלטן, אָבער זיכער, שטאַרק קאָנ־צענטרירט. בשעת דער פּויזע (צווישן איין ריטמישער אויפגאַבע און דער אַנדערער) האַלט זי עטוואָס פאַרלעגן דעם פינגער אין מויל. דאָס זעט אויס צו זיין אַ רעאַקציע אויף מיין אָנוועזנהייט. כ'בין נאָכדעם אויך געזוען אָנוועזנד אין קלאַס אויף אַ לעקציע פון גע־אָגראַפיע. אויך איצט איז זי רואיק איינגעהאַלטן, רייסט זיך נישט ווי אַנדערע צום רעדן, נאָר ווען די לערערין פרעגט זי, ענטפערט זי געלאַסן, באַטראַכט. ווי פריער, האָב איך זיך אויף איר נישט אומגעקוקט, און זי האָט אויך זעלטן אויף מיר אַ זייטיקן בליק געוואָרפן.

דער פאָטער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז יענעם טאָג פון מיין שול־באַזוך איז זי געקומען אַהיים אַנדערש ווי אַלע מאָל, איז געווען פיל רואיקער ווי געוויינטלעך. יענעם טאָג פאַרנאַכט האָט דער פאָטער אַ פרעג געטון (אין איר אָנוועזנהייט) איר ייִנגערע שוועסטער, וועלכע לערנט מיט מיראַן אין איין שול, צי איז שוין נישט געווען אין שול, ווי אַלע מאָל אין דער צייט, דער קוראַטאָר (אַ רעגירונגס־אינספּעקטאָר). דערויף האָט מיראַ זיך האַלב־שפּאַטיש אָנגערופן: „היינט איז פּלוצלינג געקומען צו אונדז דער פּראָפעסאָר מיט עפּעס אַ פרוי; בשעת ער גייט, זינגט ער זיך אַזוי (זי מאַכט נאָך שפּאַטיש מיט דעם קאָפּ).

דער עפעקט פון מיין ערשטן שול־באַזוך איז, הייסט דאָס, דער, וואָס אַזוי ווי כ'ווער איצט רעפּרעזענטירט דורך שול־לערער, ווערט ביים קינד פּאַמעלעך אַריבערגעטראָגן מיין אַסאָציאירונג פון דער היים־גרופּע אויף דער שול־גרופּע — אָנשטאָט דער פּאַראַיאַ־ריקער רעאַקציע פון היסטערישן שרעק קומט איצט אַ רואיקערע, אָבער נאָך אַלץ אומצוטרויִלעך שפּאָטישע באַציונג צו מיין דער־שיינונג. אַ חוץ דעם האָט מיין שול־באַזוך געהאַט יענעם טאָג אַ געוויסע פּאָזיטיווע ווירקונג אויף איר היים־לעבן, וואָרום דער דאָקטאָר, וואָס איז פריער רעפּרעזענטירט דורכן פאָטער און נאָכ־דעם דורך דער שול, ווערט אַ בינד־גליד צווישן די ביידע סאָציאַלע גרופּעס און טראָגט אַריין אין איינער די שטאַרקע דיסציפּלינירנ־דיקע איינפלוסן פון דער אַנדערער. דאָ זעט מען שוין אַ קלאָרע אָנ־

דייטונג, ווי די באַראַטונג־שטעלע בכלל און דער דאָקטאָר־פּעדאַגאָג בפרט, קאָן ווערן מעטאָדיש אַ בינד־גליד אָדער אַ דיפוזיע־מיטל צווישן דער היים־גרופּע און דער שול־גרופּע.

דער שול־באַזוך איז געווען דער ערשטער עטאַפּ אינעם פּראָצעס פון איבערטראָגונג. מיר האָבן סיסטעמאַטיש אָנגענומען ווייטערע טריט אין דער דאָזיקער ריכטונג — און אָט ווי אַזוי. אויף אונדזער פאָרשלאַג האָט די ריטמיק־לערערין בשעת דער לעקציע רעקאָמענדירט דעם קלאַס, אַז די פרוי ס., מיין אַסיסטענטין, (וועלכע די קינדער קענען שוין פון אונדזער געמיינזאַמען שול־באַזוך), קלייבט מאַטעריאַל פון קינדער־שפּילן, און זי וויל זיך דערפאַר אויך באַקענען מיט די שפּילן פונעם קלאַס בשעת דער פויזע. די קינדער האָבן עס גערן אָנגענומען און האָבן זיך נאָכדעם אָפּגערעדט מיט ס. אויף אַ באַשטימטן טאָג, ווען יענע זאָל קומען צו זיי אויף אַ פויזע אין שול.

דעם 23־טן אַפּריל (אַרום דריי וואָכן נאָך מיין ערשטן שול־באַזוך) האָבן די קינדער פאָרגעפירט אין גרויסן זאַל בשעת דער פויזע פאַרשידענע שפּילן, וועלכע ס. האָט פאַרצייכנט. דאָס זענען געווען מיידלעך, צווישן זיי אויך מיראַ, וועלכע, זענען צווישן זיך גוט צונויפגעלעבט און בילדן איין שפּיל־גרופּע. זיבן שפּילן האָבן זיי דורכגעמאַכט, די אָנפירערין איז טאָניע, אַ 10־יאָריק מיידעלע, וועלכע אַלע פאָלגן. אין צוויי שפּילן האָט מיראַ געזאָגט, אַז זי וויל האָבן די הויפּט־ראָלע — אַלע האָבן מסכים געווען. אין פאַרלויף פון די ערשטע שפּילן איז מיראַ פאַרוויטלט, זי האַלט עטוואָס אַראָפּ דעם קאָפּ, הוסט צו אַביסל, ביי יעדער פרייער מינוט דרייט זי זיך אַוועק אָן אַ זייט צום וואַרשטאַט און באַוועגט דאָס רעדל. ס׳זעט אויס, אַז די פאַרלעגנהייט ווערט אַרויסגערופן דורך דער אָנוועזנהייט פון „מיין״ אַסיסטענטין, פון „מיין״ באַגלייטערין ביים ערשטן שול־באַזוך. אויך זעט מען דאָ דערווייל פון דער באַאָבאַכטונג, אַז צום אונטערשייד פו דער היים געפינט מיראַ אין דער שול דעם פאַסיקן פלאַץ אין דער שפּיל־גרופּע, נעמט זיך אָפּט די הויפּט־ראָלע און קאָן אומגעשטערט באַפרידיקן איר אייגענעם שפּיל־דראַנג, וואָס רופט ביי איר אַרויס דערהויבנדיקע און דיסציפּלינירנדיקע פסיכישע שפּאַנונג.

ביי אַט די שפּילן ווערט פאַרגעזעצט דער פּראָצעס פון איבער־טראָגונג דורך דער אַסאָציאירונג פון „מיין" פאַרטרעטערין מיט מיראַס שפּיל־לעבן. און אַט קומט אַ ווענד־פּונקט.

די קינדער זענען זייער צופרידן, וואָס ס. אָבסערווירט און פאַר־שרייבט זייערע שפּילן. מיט פריידיקער גרייטקייט, וואָס פאַרכאַפּט אויך מיראַן, בעטן זיי, אַז ס. זאָל קומען נאָך אַמאָל אויף זייערע שפּילן. אַזוי ווי אין שול איז דאָ ווייניק צייט צום שפּילן, איז געבליבן, אַז ס. זאָל קומען אַ נאָכמיטאָג צו איינער פון די מיידלעך אַהיים, וווהין די גאַנצע גרופּע וועט קומען שפּילן. ס. האָט געפּירט דערצו, אַז דאָס זאָל פאָרקומען ביי מיראַן אין דער היים. דערמיט הויבט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ, ווען די שול־אַטמאָספער האָט זיך דורך דער קינדער־גרופּע איבערגעטראָגן אין דער היים־סביבה פון מיראַן (גרופּן־דיפוזיע). אַ חוץ דעם זאָל ס., וואָס איז אין מיראַס באַוווסט־זיין מיין פאַרטרעטערין, קומען אין באַרירונג מיט מיראַס היים־לעבן (אומשלום).

דעם 26־טן אַפּריל קומט זיך צונויף ס. מיט דער גאַנצער שול־גרופּע ביי מיראַן אין דער היים. די מוטער וויל אָפּגעבן פאַר די געקומענע דאָס גרויסע צימער, נאָר מירא וויל נאָר אויפנעמען אין לעצטן איזאָלירטן צימער. זי פאַרמאַכט נאָך די טיר, לויפט אַלע וויילע צו דער טיר זען, צי זי איז גוט פאַרמאַכט. אויך איצט איז טאַניע די אָנפירערין אין די שפּילן; אין איניקע שפּילן ווערט מירא אויף איר אייגענעם ווונטש די פירערין. ביים פערטן שפּיל איז אַט וואָס פאַרגעקומען. טאַניע האָט געזאָלט לויט איר ראָל אין שפּיל ארויס אויף אַ ווייל אין צווייטן צימער. די מוטער נוצט אויס די געלעגנהייט און גיט טאַניען אַ טעלער מיט גוטע זאַכן, אַ מין כיבוד פאַר די קינדער. טאַניע איז אַריינגעקומען צוריק מיט אַ פולן טעלער. די איבעראַשטע קינדער האָבן געמאַכט אַ לוסטיקן „הוראַ", נאָר מירא איז געוואָרן דערשטויינט און האָט פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט ביידע הענט. שפּעטער קומט טאַניע שוין ווידער מיט נאָך כיבוד. מירא רופט אויס שטרענג־דערשטוינט: „וויטער כיבוד?". דאָס גע־פּלאַנטע איזאָלירן די שול־גרופּע פון דער היים־סביבה אינעם אָפּגע־שפּאַרטן צימער האָט זיך מיראַן נישט איינגעגעבן. דער כיבוד איז

אַ מין דורכבּרוך פון דער היים־סביבה אין דער שול-גרופּע. די זייער כאַראַקטעריסטישע מאַניר, ווי מיראַ פאַרשטעלט זיך דערביי דאָס געזיכט מיט די הענט, באַווייזט ווי טיף זי זשעניִרט זיך מיט דער אַריינדרינגענדיקער היימישקייט. בײַ די ווייטערדיקע שפּילן האָט זי שוין מער נישט קאָנטראָלירט די טיר, וועלכע איז אַ ווײַל אויך געבליבן אינגאַנצן אָפן.

אויף מאָרגן נאָך די באַשריבענע שפּילערייען, דערציילט די מוטער, איז מיראַ אויפגעשטאַנען ווי נײַ-געבוירן, פריש און רואיק ווי זעלטן ווען. געוויינטלעך קומען פאָר סקאַנדאַלן פאַר איר אַוועק-גיין אין שול. היינט איז קיין שפּור פון דעם נישט געווען. ווען זי איז געקומען נאָך מיטאָג פון שול, איז זי ווידער געווען רואיק, איז געזעסן אײַנגעהאַלטן בײַם טיש, אויסווייכנדיק די געוויינטלעכע טיש-קאָנפליקטן. דאָ זעט מען קלאָר, ווי די נעכטיקע דיפּוזיע האָט אַריינ-געטראָגן אין דער היים די שטאַרקערע דיסציפּלינירנדיקע איינפלוסן פון דער שול־סביבה. אָבער די איינמאָליקע דיפּוזיע האָט געמוזט אין משך פון די קומענדיקע טעג נאָכגעבן דעם דרינגענדיקן שטראָם פון שטוב-קריגערייען.

אין יענער צייט האָט אויף אונדזער פאָרשלאָג די ריטמיק-לערערין פאַרגעלייגט דעם קלאַס, מ׳זאָל קומען צו מיר אין באַראַ-טונג-שטעלע אונטערזוכן די פעיִקייטן, דערבײַ האָט די לערערין קורץ דערקלערט, ווי אינטערעסאַנט און נוצלעך דאָס איז. און אָט, דעם 3־טן מאַי נאָך מיטאָג, איז מיראַ מיט טאָניען געקומען צו מיר אין באַראַטונג-שטעלע. דאָ פאַרענדיקט זיך בײַ מיראַן אַ פּראָצעס, וואָס ציט זיך פון די היסטערישע שרעק-רעאַקציעס בײַם איבער-טרעטן מײַן שוועל פאַראַיאָרן — ביז צום איצטיקן פרייוויליקן באַזוך. ס׳איז דער פּראָצעס פון אומשלום אָדער איבערטראָגונג, ווען די פאַראַיאָריקע אַסאָציאַירונג מיט דער היים-גרופּע האָט זיך שטופּנ-ווייז איבערגעטראָגן אויף דער שול-גרופּע. מיר האָבן אויף דעם אופן אָנגעמערקט די וועגן צו באַאיינפלוסן די קראַנק-מאַכנדיקע היים־סביבה. ס׳איז דער וועג פון דיפּוזיע, פון סיסטעמאַטישן דורכדרינגען די היים־סביבה מיט דיסציפּלינירנדיקע שול-עלעמענטן.

די באַראַטונג-שטעלע קאָן ווערן, ווי מיר האָבן אויבן געזען,

א בינדגליד אַחער דיפוזיע-מיטל צווישן שול-סביבה און היים-סביבה. צווייטנס, די פּעריאָדישע אָרגאַניזירונג פון שפּיל-גרופּן אין דער היים קאָן האָבן, ווי מיר האָבן געזען, אַ פּאָזיטיווע ווירקונג. דריטנס, מוז קומען דער סיסטעמאַטישער אַריינפיר (אין דער דענערווירנדיקער סביבה) פון אָפּפרישנדיקע שפּיל-עלעמענטן, פון נייע אינטערעסן, וואָס קאָנען פּראָדוקטיוו אויסגלייכן דעם קראַנק-מאַכנדיקן שפּיל-דעפיציט פון דער באַטרעפנדיקער סביבה — אָט אַזוי האָבן מיר רעקאָמענדירט די עלטערן צו געבן מיראַן אין דער „לידיקער" נאָך-מיטאָג-צייט מוזיק-לעקציעס (מירא האָט אַ נייגונג צו מוזיק). אין אַנדערע פאַלן גיט מען לעקציעס פון ריטמישער גימנאַסטיק, פון ספּאָרט, טאַנץ — אָפּהענגיק פון עם קינדס נייגונגען. די דאָזיקע קעגנשטאַנדן זענען וויכטיק נישט בלויז אַן און פאַר זיך, נאָר ווי אַ דיפוזיע-מיטל. אין געוויינטלעכע פאַלן פון היים-נערוועזיטעט קאָנען די אַלע אויסגערעכנטע מיטלען ברענגען אַ ראַדיקאַלע בעסערונג. אין שווערע פאַלן אָבער, ווי ביי מיראַן, ווו דער סטרינדבערג-קאָמפּלעקס, די האַס-ליבע-קריגערייען, זענען צו לאַנג און צו טיף איינגעוואָרצלט, דאַרף מען רעקאָמענדירן אַלס אַ מער ראַדיקאַל מיטל די צייטווייליקע צעשיידונג, ד. ה. איזאָלירן דאָס קינד אויף אַ צייט פון דער אָנגעווייטיקטער היים-סביבה. מיר האָבן שוין אויבן דערקלערט, ווי אַזוי די צעשיידונג קאָן באַאיינפלוסן דעם סטרינדבערג-קאָמפּלעקס. אָט אַזוי האָבן די עלטערן אויף מיין רעקאָמענדאַציע אָפּגעשיקט מיראַן אויף דער וואַקאַנס-צייט אויף קאָלאָניע. די צעשיידונג קומט אָן זייער שווער (ביים סטרינדבערג-קאָמפּלעקס קאָנען זיך ביידע צדדים פונאַנדער נישט אָפּרייסן), נאָר איין מאָל דורכגעפירט, קומט עס אָן לייכטער צום צווייטן מאָל, און מיט יעדן מאָל ווערט אַלץ מער אין משך פון דער צייט אויסגעוואָרצלט ווערן דער סטרינדבערג-קאָמפּלעקס. צום שלוס וועלן מיר ברענגען צוויי פרייע פאַנטאַזיעס פון מיראַן און טאַניען, ביי וועלכע מיר האָבן אונטער-זוכט די פאַנטאַזיע לויט דער באַגרענעצטער באַשטעל-מעטאָדע, ד. ה. ווען מיר בעטן די קינדער צו דערציילן אַ מעשהלע אויף אַ באַ-שטימטער טעמע („אַ מיידעלע איז געגאַנגען אין וואַלד שפּאַצירן און האָט פאַרבלאָנדזשעט...").

טאַניע, 10 יאָר אַלט, דערציילונג פון 3־טן מאַי 1934.
(לויט דער באַגרענעצטער באַשטעל־מעטאָדע).

— אַ מיידעלע איז געגאַנגען אין וואַלד שפּאַצירן און האָט פאַרבלאָנדזשעט.... זי איז איינגעשלאָפן. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זי געווען זייער הונגעריק. זי איז אַוועק אַביסל ווייטער, האָט זי געפונען פאַזשאָמקעס (רויטע יאַגדעס). זי האָט זיך ווייטער געלייגט שלאָפן. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי דערזען צוויי קליינע פייערלעך. זי איז געגאַנגען, געגאַנגען זייער לאַנג, ביז זי איז צוגעקומען צו אַ קליין שטיבעלע. דאָס מיידעלע איז געווען זייער אַ גוטע. אין דעם שטיבעלע האָט געוווינט אַ טרעפּערין. די טרעפּערין האָט איר געהייסן בײַ זיך נעכטיקן, ווייל עס איז געווען זייער שפּעט. אינדערפרי וועט זי איר ווייזן אַ וועג, זי זאָל קענען טרעפן אין אַ דאָרף, וווּ עס וווינען מענטשן. אינדערפרי האָט זי זיך זייער גיך אויפגעוועקט און איז מיט איר אַוועקגעגאַנגען אין דאָרף אַריין. זי האָט איר געגעבן אַ צווייגעלע, אַז זי וועט עפּעס פאַרלאַנגען, קען זי זיך ווענדן צו דעם צווייגעלע, וועט זי אַלץ באַקומען. און דאָס מיידעלע איז געקומען אַהיים. אין דער היים איז געווען אַ גרויסע אָרעמקייט. די מוטער ליגט קראַנק. זי האָט געבעטן דאָס צווייגעלע, אַז די מוטער זאָל געזונט ווערן, און אָנשטאָט דאָס אָרעמע שטיבעלע זאָל ווערן אַ הויז מיט אַ גאָרטן. דאָס מיידעלע האָט שטאַרק ליב געהאַט בלומען, זי האָט זיך געמאַכט אַ בלומען־געשעפט. אַלע זענען צו איר געקומען נאָך בלומען, ווייל אין דעם דאָרף האָט קיינער קיין בלומען נישט פאַרקויפט. פון דאַן אָן איז איר זייער גוט געגאַנגען און זי איז געוואָרן זייער רייך.

מיראַ, 10 יאָר 9 חדשים, דערציילונג פון 3־טן מאַי 1934.
(לויט דער אומבאַגרענעצטער*) באַשטעל־מעטאָדע).

2 קינדער זענען פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד. ...ס'איז אָנגעפאַלן די נאַכט, זיי האָבן באַמערקט פונדערווייטנס אַ ליכט.

---

*) אויף מיין פאָרשלאַג צו דערציילן אַ פאַנטאַזיע אויף אַ באַשטימטער טעמע, האָט זיך מירא — אויף אַ מערקווירדיקן אופן — אַרויסגערופן אַליין צו דערציילן אויף אַ טעמע, ענלעך צו איר חבֿרטע טאַניעס.

דאָרטן האָט געוווינט אַ כשוף־מאַכערין. די קינדער זענען צו און אָנגעקלאַפּט אין טיר. די מכשפה האָט זיי אַריינגעלאָזט. די קינדער האָבן זיך זייער דערשראָקן און דאָך האָבן זיי געוואָלט פון איר לאַכן, אַזוי קאָמיש האָט זי אויסגעזען. די מכשפה האָט זיי געהייסן זיך לייגן שלאָפן. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט זי זיי געזאָגט, אַז אויב זיי ווילן בלייבן, מוזן זיי זיך דריי מאָל אין טאָג פאַרוואַנדלען אָדער אין פייגל אָדער אין חיות. זיי האָבן מסכים געווען. דאָס ייִנגעלע האָט זיך גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ לייב און דאָס מיידעלע אין אַ טייבעלע. אין עטלעכע שעה אַרום האָט זיך דאָס ייִנגעלע פאַרוואַנדלט אין אַ קראָקאָדיל און דאָס מיידעלע אין אַ טשאַפּלע. די מכשפה האָט מורא געהאַט, אַז דאָס מיידעלע זאָל נישט אַוועק פון איר, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בושל און געפלויגן מיט איר צוזאַמען. די טשאַפּלע, נישט ווייסנדיק, אַז יענע איז איר באַ־לעבאָסטע, האָט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס. זי האָט גענומען דערציילן, ווי שלעכט איר איז ביי דער באַלעבאָסטע און אַז זי וויל אַנטלויפן צוזאַמען מיט איר ברודערל. דאַן איז דער בושל אַוועקגעפלויגן און געקומען צו זיך אַהיים און זיך צוריק פאַר־וואַנדלט אין דער מכשפה. זי האָט אַ שאָקל געטון דעם פאַרכשופטן שטעקל און גלייך זענען געקומען דאָס ייִנגעלע און דאָס מיידעלע אַלס מענטשן. די מכשפה האָט געזאָגט, אַז זי מוז זיך נוקם זיין אין מיידעלע, זי מוז זי דערטרינקען. ס'איז געוואָרן נאַכט. די מכשפה האָט פאַרוואַנדלט איר צימער אין אַ טייך און זיך אָנגע־הויבן באָדן. דאָרטן זענען געווען אַ סך זשאַבעס און קליינע קראָ־קאָדילן. דאָס מיידעלע האָט זיך דערשראָקן, האָט אויסגעהאַקט די שויב און איז אַנטלאָפן מיט איר ברודערל. די מכשפה האָט זיי נאָכ־געיאָגט אויף אַ פאַרכשופטן וועגעלע, אָבער זי האָט זיי נישט גע־קענט דעריאָגן. האָט זי אַ שטיקל ערד פאַרוואַנדלט אין אַן אָזערע, די קינדער זאָלן אויפן וועג אַריינפאַלן. אויף דער אָזערע זענען גע־שווומען קאַטשקעס. די קינדער האָבן געוואָלט, אַז די קאַטשקעס זאָלן זיי אַריבערפירן אויפן צווייטן ברעג. די קאַטשקעס האָבן דאָס געטון. די מכשפה האָט פאַרלוירן דאָס שטעקעלע און האָט דאָס נישט גע־פונען. זי האָט אָנגעהויבן נאָכיאָגן די קינדער אויף איר פאַרכשופטן

ווענעלע. זי איז צו צום טייך און אָנגעהויבן טרינקען דאָס וואַסער, ווייל זי האָט נישט געקענט אַדורכשווימען, האָט זי דאָס געוואָלט אויסטרינקען. זי האָט אַזוי לאַנג געטרונקען, ביז זי האָט געפּלאַצט. די קינדער האָבן דערווייל געפונען זייער היים.

נישט אַריינגייענדיק אין דעטאַלן*), קאָן מען אין די ביידע פאַנטאַזיעס גלייך זען די פאַרשידענע עמאָציאָנעלע איבערלעבע-נישן פון די קינדער. ביי טאַניען איז אַלץ האַרמאָניש אויסגעגליכן, די פאַנטאַזיע איז פול מיט ליכטיקע בילדער פון דערלייזונג, אַפילו די מכשפה איז פול מיט גוטסקייט און באַשענקט דאָס קינד מיט א גליק-ברענגענדיקן כשוף-צווייגעלע. ביי מיראַן אָבער איז די פאַנ־טאַזיע פול מיט פינצטערע בילדער פון האַס-קאָנפליקטן און ביז גאָר געקרענקטע אַמביציעס. צווישן די קינדער און דער מכשפה קומט פאָר א געראַנגל אויף טויט און אויף לעבן. די מכשפה איז שרעק-לעך און גלייכצייטיק לעכערלעך. די האַס-פאַנטאַזיע שלאָגט דעם קעגנער גלייכצייטיק מיט די צוויי בייטשן פון שרעק און לעכער-לעכקייט. די וויסטע קריגערייען ענדיקן זיך מיט פאַרביסענער שאָדן-פרייד, וואָס די מכשפה „האָט אַזוי לאַנג געטרונקען, בי זי האָט גע-פּלאַצט". אָט דאָ קומט צום אויסדרוק דער אויבנבאַשריבענער סטרינדבערג-קאָמפּלעקס, וואָס מאַכט די בילדער אַזוי אָנגעלאָדן מיט אימפּעטיקער פאַרביסנקייט און וואָס ענדיקט זיך אָבער מיט רעטונג און באַפרייונג. צום אונטערשייד פון טאַניען, געפינען מיר אין מיראַס דערציילונג א גרעסערע באַגאַבונג פון דער פרייער פאַנטאַזיע, וואָס דריקט זיך אויס אין דער רייכקייט, אָריגינעלישקייט פון די ביל־דער, וועלכע זענען פאַרבונדן אין א מער קאָמפּליצירטער אָפּגע-שלאָסענער גאַנצקייט פון דער דערציילונג. אָט די באַגאַבונג, ווי אויך דער באַפרייענדיקער ענד-מאָטיוו, באַווייזן, אַז די פאַרפאַ-סערין האָט נאָך גענוג פּאָטענציעלע כוחות גובר צו זיין אירע שווערע קאָנפליקטן.

*) זע מיין בוך: „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער-לעבן", טייל 2.

## קאפיטל 3

# שפיל-עלטער

ס'איז אלגעמיין באקאנט, דאס ביי קינדער האט יעדער עלטער זיין אייגענעם שפיל-ניוואָ, ד. ה. זיין אייגענעם אויסוואל פון שפילן, ווי אויך אייגענע טענדענצן און מאנירן פון שפיל. די שפילן און שפיל-מאנירן פון זעקס-יעריקע קינדער, למשל, וועלן זיין גארנישט פאסיק פאר ניין-יעריקע. דערפאר טאקע וועלן קינדער פון פארשי־דענעם עלטער נישט קענען שפילן צוזאמען. מ'איז אָבער געניינט צי פארזען, אז נישט ביי אלע קינדער פאלט צונויף דער כראָנאלאָגישער עלטער מיט דעם שפיל-עלטער. ס'זענען פאראן נעמלעך אזוינע קינ־דער, וואס האבן א העכערן אָדער נידעריקערן שפיל-עלטער, ד. ה. זייער שפיל-לײדנשאפט איז העכער אָדער נידעריקער ווי ביי די מייסטע קינדער פון זייער עלטער. אָט די קינדער וועלן שטרעבן צו שפילן מיט עלטערע אָדער יינגערע חברים. אין דער שול-אָפטיילונג אָבער, וו זיי לערנען מיט קינדער פון איין עלטער, וועלן זיי בשעת דער פויזע נישט געפינען קיין פאסיקע שפיל-גרופע און וועלן נישט קענען אויסלעבן זייער שפיל-דראנג. ס'וועט אזוי ארום קומען ביי אָט די קינדער צו א שפיל־דעפיציט, וואס ווערט געדעקט דורך נייראָטישע אָדער אומגעצוימטע אנטי-סאָציאלע נייגונגען.

ווי די באשטימונג פון אינטעליגענץ-עלטער איז וויכטיק פאר דעם אונטעריכט, כדי באצייטנס אויסצוטיילן די שטערנדיקע קאַ־טעגאָריעס פון אָפגעשטאנענע אָדער באגאבטע קינדער — אזוי איז די באשטימונג פון שפיל-עלטער וויכטיק פאר דער פויזע, כדי באַ־צייטנס איינצואָרדענען און פארהיטן פון נערוועזישקייט די קינדער מיט א העכערן אָדער נידעריקערן שפיל-עלטער.

אויף א מערקווירדיקן אופן האבן מיר זיך אין ווארשעווער באַ־

ראַטונג-שטעלע אָנגעשטויסן אויף דעם פּראָבלעם פון שפּיל־עלטער.
אין משך פון אַ וואָך (5/3—27/2) זענען נעמלעך אין באַראַטונג־
שטעלע געקומען צוויי קינדער פון פאַרשידענע פאַמיליעס, פאַר־
שידענע שולן און פאַרשידענעם עלטער, וואָס לײַדן אָבער בײדע גלײַך
אויף אָפטע אָנפאַלן פון נאַכט-שרעק (Pavor nocturnus) און
זענען גלײַכצײַטיק זײער אומדיסציפּלינירט. און אָט קומט דאָס באַ־
זונדערש מערקווירדיקע. בײ אײן קינד קלאָגן זיך די דערציער, אַז
ס'האָט אַ שטאַרקן דראַנג צו שפּילן בלויז מיט עלטערע קינדער, בײם
אַנדערן קינד דאַקעגן מערקן די דערציער אַן אויפפאַלנדיקע נײ־
גונג צו שפּילן בלויז מיט קלענערע. אין בײדע פאַלן האָבן די דער־
ציער אַ לאַנגע צײַט געקעמפט מיט דער שפּיל-אָפּווײַכונג פון די קינ־
דער: דעם ערשטן קינד לאָזט מען נישט שפּילן מיט גרויסע, און
דעם צווײטן קינד — מיט קלענערע. אָט די לאַנג־באַקעמפטע אָפּ־
ווײַכונג איז אָבער בײ בײדע קינדער געבליבן אומבאַזיגבאַר.

ס'איז דאָ גלײַך אַנטשטאַנען די פראַגע, צי איז נישט די
סיבה פונעם נאַכט-שרעק אין בײדע דערמאָנטע פאַלן די באַשײַנ־
פּערלעכע דיפערענץ צווישן שפּיל-עלטער און כראָנאָלאָגישן עלטער
בײ אָט די קינדער, וואָס דורכדעם קאָנען זײ נישט אויסלעבן ווי
געהעריק זײער שפּיל-דראַנג צווישן גלײַכעלטערדיקע חברים. ווײַל
אין בײדע פאַלן לאָזט מען נישט די קינדער אַרויסרײַסן זיך פונעם
אומפּאַסנדיקן שפּיל-קרײַז, קומט עס בײ זײ צו אַ שפּיל-דעפיציט, וואָס
ווערט געדעקט דורך עקספּלאָזיוון נאַכט-שרעק און אומדיסציפּליניר־
טער אימפּולסיווקײַט. אָט די דערקלערונג פונעם נאַכט־שרעק ווערט
באַפעסטיקט דורך דעם אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג, וואָס מיר האָבן
אין אַן אַנדער אָרט פעסטגעשטעלט צווישן שפּיללאָזיקײַט, אײַנ־
זאַמקײַט און טויט-שרעק בײ קינדער*). בײם אויספעלן פון שפּיל
בלײַבט נעמלעך אומגעוועקט דער לעבנס-דראַנג, — ס'רופט אַרויס
בײם קינד דאָס געפיל פון נישט-אויסגעלעבט־זײַן, פון אונטער־
דריקטן לעבן, פון טויט-ענלעכער פּאַסיווקײַט, וואָס קאָן דערגײן

---

*) זע מײַן בוך „חלום און שפּיל" 1־טע טײל, קאַפּיטל 3 און 4־טע
טײל, קאַפּ. 2.

ביז צו טויט-שרעק*) איינציקע אָדער איינזאַמע קינדער (פון העכערן שול-עלטער) מיט אונטערדריקטער שפּיל-לוסט קאָנען באַקומען אויף דער וואָך צוואַנג-מוראס פאַרן טויט אָדער זיי ווערן באַהערשט פון מעלאַנכאָלישע געדאַנקען וועגן דעם מיסטעריעזן געהיימשרעקלעכן סוף פון יעדן מענטשן, אָפט האָבן זיי אויך ביינאַכט חלומות וועגן טויט און געשטאָרבענע. ביי קלענערע קינדער פירט דער געשטיקטער שפּיל-דראַנג צו עקספּלאָזיוון נאַכט-שרעק. אויך אין די ביידע דערמאָנטע פאַלן אָבער האָט זיך אונדזער דיאַגנאָז באַשטעטיקט דורך דער באַהאַנדלונג. אין די ביידע פאַלן נעמלעך זענען די אָנפאַלן פון נאַכט-שרעק טאַקע פאַרשוווּנדן דורך דער רעגולירונג פון דעם שפּיל-לעבן לויט דעם שפּיל-עלטער פון די קינדער (פאַר אונדזער באַהאַנדלונג האָט מען אין אַן אַנדער אַמבולאַטאָריע אַ לאַנגע צייט געגעבן איינעם פון די קינדער בראָם-פּרעפּאַראַטן, וואָס האָבן קיין ווירקונג נישט געהאַט אויף די אָנפאַלן).

מיר וועלן איצט באַשרייבן דעם אינטערעסאַנטן פאַרלויף פון ביידע פאַלן.

5.3.34, בערל, $5^{3}$ יאָר אַלט, פיזיש געזונט, אינטעליגענץ-קוואָטיענט 91, באַזוכט אַ קינדער-היים (פאָרשול). זייט אָנדערטהאַלבן יאָר באַקומט ער ביינאַכט אין שלאָף שרעק-אָנפאַלן. ער כאַפּט זיך אויף מיט אָפענע אויגן, זעט קיינעם נישט, שרייט און וויינט. אָפט מאַכט ער דערביי שרעק-באַוועגונגען, ציטערנדיק מיט די הענט, מיטן גאַנצן קערפּער. געוויינלעך קומען פאָר נאַכט-אָנפאַלן 3—2 מאָל אַ וואָך, פאָריקן ווינטער פלעגט ער כמעט יעדע נאַכט באַקומען אַן אָנפאַל, לעצטנס באַקומט ער עם 3—2 מאָל אַ וואָך, נישט זעלטן באַקומט ער צוויי אָנפאַלן אַ נאַכט. אין משך פון פילע חדשים האָט ער אויף דער פאַראָרדנונג פון אַ קינדער-דאָקטאָר (אין אַמבולאַ-

---

*) ווי שטאַרקע אָטעם-שטערונגען רופן אַרויס אַן אינסטינקטיוון טויט-שרעק, אַזוי קאָנען שווערע שפּיל-שטערונגען, ווי אַ געשטיקטער לעבנס-אימפּעט (פּסיכישע אַספּיקסיע) אַרויסרופן טויט-שרעק. דאָס איז נישט בלויז אַ בילדלעכער, נאָר אַ ביאָלאָגיש-זאַכלעכער פאַרגלייך, ווייל אין ביידע פאַלן ווערט באַפרייט דער לעבנס-דראַנג.

טאָריע) באַקומען בראָם-פּרעפּאַראַטן, וואָס האָבן אויף אים קיין ווירקונג נישט געהאַט. די נאַכט-אָנפאַלן האָבן זיך ביי איִם אָנגע־הויבן אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי ער איז אָנגעקומען אין קינדער־היים. דאָרט איז ער זייער אויפפאַלנדיק מיט זיין אומנאָרמאַלער האַלטונג. ער נעמט נישט קיין אָנטייל אין די קינדער-שפּילן, שטערט די אָרדענונג. ער האָט נישט קיין אינטערעס פאַרן קינדער-היים. דורכן פאָדער־צימער רייסט ער זיך אָפט אַריין צווישן עלטערע קינ-דער אין גרויסן זאַל, וואָס אין דער שכנותדיקער שול. דאָרט שפּילט ער גערן מיט יענע עלטערע שול-יינגלעך. ער דערציילט זיי שיינע מעשהלעך, וואָס פאַרכאַפּן יענע קינדער, נאָכדעם לאָזט ער זיך לויפן און שפּילט מיט זיי. די לערערין לאָזט אים נישט אַרויסגיין אין גרויסן זאַל צו די עלטערע יינגלעך. ער בעט שפּילצייג, וואָס מען גיט נישט דאָ אין קינדער-היים. דרייט ער זיך דאָ אַן אומצופרידענער, אַ פּאַסיווער, אַ פרעמדער. ער גייט נישט גערן אין קינדער-היים. ער טענהט צו דער מוטער, אַז ער האָט דאָרטן נישט וואָס צו טון.

ביי דער אונטערזוכונג האָט בערל אַרויסגעוויזן אַ זייער רייכע פאַנטאַזיע. פאַרלייגט דעם קאָפּ אויף דער האַנט, אימפּראָוויזירט ער פאַרטרוימט לאַנגע מעשהלעך, וואָס שפּיגלען אָפּ אַן אַוואַנטו-ריסטישן שפּיל-דראַנג. דערביי טרעפן כמעט אין יעדער מעשהלע שרעק-בילדער פון טויט און געשטאָרבענע, וואָס זענען אָרגאַניש פאַרבונדן, ווי שוין אויבן דערמאָנט, מיט דעם אונטערדריקטן שפּיל-דראַנג.

מיר האָבן דאָ אַ פאַל פון (פאָר)שול-נערוועזישקייט, ניי־ראָז B, ווייל אין קינדער-היים ווייזט זיך אַרויס די אומנאָר-מאַלע האַלטונג. אויך האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעק-אָנפאַלן אַ קור־צע צייט נאָך זיין אָנקומען אין קינדער-היים, וואָס איז נישט לויט זיין העכערן שפּיל-עלטער און רופט דערפאַר ביי אים אַרויס אַ קראַנק-מאַכנדיקן שפּיל־דעפיציט.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַ כאַראַקטעריסטישע פאַנטאַזיע פון בערלען:

פאַנטאַזיע לויט דעם באַגרענעצטן באַשטעל-מעטאָד (ד. ה. מיר

בעטן דערציילן א מעשהלע אויף א באשטימטער טעמע: „א יינגל איז געגאנגען אין וואלד און פארבלאנדזשעט...").

„.... — ער האט געטראפן א פויער פארן אויף א וואגן. דער יינגל האט אים געזען, ער האט זיך נאכגעיאגט. דער פויער האט געוואוינט אויף זיין גאס. ער האט זיך נאכגעיאגט, האט יענער גע־געבן א שמיץ מיט דער בייטש. דאס יינגל איז (געפאלן, צעבראכן א פוס, נאכדעם) געלעגן אין בעט אין גיפס. דערנאך האט ער זיך ווידער נאכגעיאגט, האט דער פויער ווידער געגעבן א שמיץ און ער איז געשטארבן. מען האט אים געמאכט א טרומנע, און קיינער איז נישט נאכגעגאנגען, נאר בלויז די פאליציאנטן, דערנאך מאכט זיך א געשיכטע. א פאליציאנט שטארבט. מען האט גענומען קרענץ און ליכט און מוזיק; אין דער קירכע האט מען אנגעהויבן קלינגען. די פאליציאנטן האבן געטרומייטערט. דערנאך גייט ווידער א פא־גזשעב (לויה) פון א פאליציאנט. עס גייען אלע פאליציאנטן. די גאנצע וועלט איז שווארץ געווארן. מע איז געפארן אויף פראגע (פראגער בית־עולם) זוכן א גוט־ארט. מען האט אבער אין ערגעץ נישט געפונען קיין ארט. האט מען געמאכט א גרוב אין פעלד און אים אריינגעלייגט. אלע מענטשן אין דער וועלט זענען געשטארבן. זיי זענען אראפגעפאלן פון בעט. פון רוסלאנד האט מען געברענגט טרומנעס, און די טויטע אפגעפירט אין פראגע. אלע מענטשן זענען געשטארבן, עס איז נישט געווען פאר זיי קיין ערטער. האט מען זיי געלאזט ליגן אין די טרומנעס".

### באמערקונג צו דער פאנטאזיע.

די מוטער קעמפט אפט די לעצטע צייט מיט בערלען פאר זיין חשק נאכצוהענגען זיך אויף א פארנדיקן וואגן. זי דראט אים, אז ער וועט אראפפאלן, וועט צעברעכן א פוס און מוזן ליגן אין גיפס, ווי דעם שכנס יינגל. אויך דראט זי אים, אז מ'וועט אים נעמען אין פאליציי און דארט שלאגן. דאס קינד נוצט אויס אט די דער־פארונגען (אין אנהויב מעשהלע) און פארגרעסערט עס קאטאסטרא־פאל. ס'קומען שטארקע בילדער פון טויט־שרעק, וואס זענען, ווי

דערקלערט, דער אָרגאַנישער אויסדרוק פון אונטערדריקטן שפּיל־דראַנג. דער קאַטאַסטראָפאַלער טויט־מאָטיוו, די אומגעהויערע שנעל־וואַקסנדיקע טויט־בילדער צום סוף פון דעם מעשהלע באַווייזן די טיפע נייראָטישע צערודערונג פונעם יינגל, וואָס קומט דורך דעם אַנג אונטערדריקטן און געפּייניקטן שפּיל־אינסטינקט (זע מיין בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער־לעבן", טייל IV, קאַפּ. 2).

איך האָב רעקאָמענדירט דער לערערין, זי זאָל לאָזן דאָס קינד זיין צווישן די עלטערע קינדער אין גרויסן זאַל, וווּהין ס'ציט אים זיין שטאַרקער שפּיל־דראַנג, גלייכצייטיק אָבער זאָל די לערערין אים געבן די פון אים געבעטענע שפּילצייג, דערביי זאָל זי אים סיסטע־מאַטיש אַרויסהעלפן צו האָבן אין קינדער־גאָרטן שפּילעריען, וואָס פּאַסן פאַר זיין העכערן שפּיל־עלטער. די אויספירלעכע באַשרייבונג וועלן מיר זען אין דער לערערינס באַריכט וועגן דער דורכפירונג און דער ווירקונג פון די רעקאָמענדירטע מיטלען.

באַריכט פון דער לערערין:

„בערל, אַ יינגל פון 5 יאָר, פּאַסט זיך נישט אַריין אין קינדער־קאָלעקטיוו פון 4—6־יעריקע קינדער. ווען קינדער אַרבעטן, למשל, טוט ער אַ נעם אַ בלייער, אַ שערעלע, פּרובירט עפּעס מאַכן און אין אַ מינוט אַרום גייט ער שוין ווידער אַרום אָן אַרבעט, זוכט עפּעס מיט די אויגן. ווען קינדער שפּילן זיך, טוט ער אַ קוק, רייסט זיך אַריין, פּרובירט עפּעס ענדערן. קינדער מאַכן אַ געוואַלט, שרייען: „בערל שטערט!" טוט ער אַ געשריי און גייט אַוועק. אַמאָל אַ גע־נעץ, אַמאָל אַ קוויטש, אַ שטופּ די טיר אין פּאָדערצימער און ער לויפט שוין אַרויס אין גרויסן זאַל צווישן עלטערע קינדער. (אין גרויסן זאַל איז אים זעלטן דערלויבט אַריינצוגיין). ווען די קינ־דער, למשל, רוען, טוט ער פּלוצים אַ געשריי: „לערערין, איך דאַרף אַ סטאָלערייי". די סטאָלערייי איז אָפן ביז 12 אַ זייגער, איצט איז זי שוין געשלאָסן. רוען מיט אַלע צוזאַמען קען ער נישט, שטערט ער. ווען אַלע זיצן ביי דער אַרבעט, טוט ער אַ שניט, אַ הוסט, ער

דארף שוין גאָר דעם אָרקעסטער. ווען ער באַקומט אים נישט, שטערט ער די איבעריקע. אין קאָלעקטיוו-שפּילן נעמט ער כמעט קיינמאָל קיין אָנטייל נישט.

בערל איז געווען אין דער באַראַטונג-שטעלע. ס'איז דאָרט קלאָר געוואָרן, אַז דער יינגל האָט אַ העכערן שפּיל-עלטער ווי דער בראָנאָלאָגישער עלטער, און מוז דערפאַר האָבן שפּילערייען, פּאַסנ-דיקע פאַר זיין נאַטור. מ'האָט אונדז אין דער באַראַטונג-שטעלע גע-געבן אָנווייזונגען.

...ווען מיר האָבן דעם יינגל געזאָגט, אַז ער קאָן פריי אַריינ-גיין אין גרויסן זאַל צו די שול-קינדער, איז ער געווען שטאַרק איבעראַשט. ער עפנט ברייט פונאַנדער די אויגן, קוקט פאַרוונ-דערט: „אַלע טאָג וועל איך קענען אַהין אַריינגיין?" די מוטער דערציילט, אַז אויף מאָרגן איז ער אויפן וועג אין קינדער-היים געווען שטאַרק אויפגעלייגט און לוסטיק. גייענדיק האָט ער צו זיך אַליין גערעדט: „כ'וועל זיך קענען שפּילן אין גרויסן זאַל". אויפן דריטן טאָג נאָכדעם, ווי דער גרויסער זאַל איז געווען פאַר אים פריי, האָט ער וועגן זאַל פאַרגעסן, ווייל אין קינדער-היים האָבן זיך דערווייל געשאַפן (לויט די אָנווייזונגען פון דער באַראַטונג-שטעלע) פּאַסנדיקע פאַר אים שפּיל-מעגלעכקייטן. ווען די קינדער למשל, האָבן זיך געשפּילט אין אַ היים, האָט ער אַ מינוט זיך צו-געקוקט און אַ בעט-געטון ביי דער לערערין דעם אָרקעסטער. ער האָט אים באַקומען. האָט ער זיך יענעם טאָג געשפּילט אין גאַסן-מוזיקאַנטן און האָט מיטגעריסן מיט זיך אַ סך קינדער. בערל באַ-קומט איצט (לויט שניאורסאָנס אָנווייזונג) פאַרשידענע מכשירים, אַרבעט-מאַטעריאַלן, וועלכע ווערן געוויינטלעך נישט באַנוצט אין אַנשטאַלט. אַ דאַנק דעם בויט ער אויף פאַרשידענע קאָלעקטיווע שפּילערייען, און רייסט מיט זיך מיט דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. ער אָרגאַניזירט בליץ-שנעל, באַפעלט, טראָגט אַריין אין אַלע שפּילערייען געוואַלטיקן עקסטאַז און טעמפּעראַמענט, רייסט מיט אַלץ, וואָס ער באַגעגנט אויפן וועג...

א געוויסע צייט נאָכן ערשטן באַריכט, אייניקע וואָכן שפּעטער,

סומירט די לערערין די ווירקונג פון דער נייער שפּיל-רעגולירונג אויף בערלען אין פאָלגנדיקע ווערטער:

,,דער בערל פון אמאָל איז שוין כמעט אין קינדער-היים נישטאָ: ס'איז אַ בערל, וועלכער קומט אַריין אינדערפרי און קינדער-היים מונטער, צופרידן און גערן, וועלכער נעמט זיך אפילו צו קאָנקרעטער פּראַקטישער אַרבעט, ווי נייען, פלעכטן און אפילו צו שרייבן. דאָס איז אים אַבסאָלוט פרעמד געווען אַמאָל, אייידער מיר האָבן איינגעפירט די אָנווייזונגען פון דער בּאַראַטונג-שטעלע. געוויינלעך פלעגט ער מאַכן אַן איינדרוק אין קאָלעקטיוו אָדער פון אַ שטאַרק בייזן און ווילדן, אָדער פון אַ פאַרחלומטן און פוילן. היינט איז בערל שטענדיק מיט עפּעס פאַרנומען. אָדער ער שפּילט אָדער, ווען ער שפּילט נישט, איז ער באַשעפטיקט. ער באַזוכט שוין דעם קינדער-היים מער ווי אַ יאָר, און דאָס איז אַ נייע עפּאָכע אין בערלס שול-לעבן — דאָס פאַרנעמען זיך מיט אַרבעט און אָנפירן מיט די שפּילן...''

מיר זעען, אַז דורך דער נייער שפּיל-רעגולירונג (לויט דעם העכערן שפּיל-עלטער) האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט די אומנאָרמאַלע האַלטונג פונעם יינגל אין קינדער-היים, ווו ער איז איצט אַ דיסציפּלינירט-אַקטיווער מיטגליד און פאַרנעמט אפילו אַ פירערישע פּאָזיציע צווישן די קינדער. גלייכצייטיק זענען די אָנפאַלן פון נאַכטשרעק געוואָרן זעלטענער און זענען אינגיכן אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. אויך דאָ באַמערקן מיר אָבער די אויבן דערקלערטע ,,רעזידואַלע שפּיל-עמפּינדלעכקייט'', ווען ביי יעדער נייער שפּיל-שטערונג קומען צוריק די פאַרשווּנדענע נאַכט-אָנפאַלן. אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אָנדערטהאַלבן חדשים נאָך דעם אויפהערן פון די אָנפאַלן, ווען ס'האָט זיך פאַרמאַכט דער קינדער-היים און בערל איז געבליבן מיטאַמאָל אַליין אין דער היים, האָבן זיך אַ טאָג שפּעטער ווידער אָנגעהויבן די אָנפאַלן, וואָס האָבן אָבער נאָכגעלאָזן ביי אַן אַנטשפּרעכנדיק גינסטיקער ענדערונג פונעם שפּיל-לעבן.

אינעם באַשריבענעם פאַל זענען אָנגעמערקט צוויי וועגן צו באַהאַנדלען אַ קינד מיט אַ העכערן שפּיל-עלטער. דער ערשטער וועג איז צו לאָזן אַזאַ קינד שפּילן מיט אַנטשפּרעכנדיק עלטערע קינדער, ווי מיר האָבן רעקאָמענדירט צו לאָזן בערלען אַרויסגיין אין גרויסן

זאָל צו די עלטערע שול-קינדער. אָט דער וועג איז אָפט גענוג שווער און ריזיקאַליש. דער אונטערשייד פון יאָרן און אַנטוויקלונג לאָזט נישט דאָס באַטרעפנדע קינד לערנען אין איין קלאַס מיט די עלטערע קינדער, מיט וועלכע ער שפּילט בשעת דער פּויזע. ס'קומט אַזוי אַרום צו אַ שפּאַלטונג צווישן אונטעריכט און פּויזע, צווישן אַלגעמיינער אַנטוויקלונג און שפּיל-אינטערעסן. אין מאַנכע פאַלן אָבער איז אָט דער וועג אומפאַרמיידלעך. ווי ביי דערוואַקסענע קאָנען מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און אַנטוויקלונג באַטייליקן זיך אין די זעלבע שפּילן, אַזוי קאָנען קינדער פון פאַרשיידענע אָפּטיילונגע שפּילן צוזאַמען. אויף יעדן גרויסן שול-הויף קאָן מען בשעת דער פּויזע באַגעגענען דאָ און דאָרט דאָס צוזאַמענשפּילן פון פאַרשיידנעלטערדיקע קינדער, וואָס מ'מוז ווי געהעריק אָפּשאַצן. יעדע שטערנדיקע אַריינמישונג מצד דעם דערציער קאָן זיין שעדלעך, ווי מיר האָבן עס געזען אינעם אויבן-באַשריבענעם פאַל. דער צווייטער וועג, איז, אַז דורך פאַרשידענע מכשירים, אַרבעט-מאַטעריאַלן און באַדינגונגען זאָל מען שאַפן פאַרן קינד מיטן העכערן שפּיל-עלטער אַן אַנטשפּרעכנדיקע שפּיל-מעגלעכקייט אין זיין אייגענעם קרייז. אָט דער וועג איז מער נאַטירלעך און דערפּאָלגרייך. אין באַשריבענעם פאַל איז אָט דער וועג אַזוי געלונגען, אַז דער יינגל האָט אויפגעהערט גיין צו די עלטערע קינדער אין גרויסן זאַל. ווי אַזוי דאָס לאָזט זיך דורכפירן פּראַקטיש, קאָן מען אַמדייטלעכסטן זען אין דעם באַריכט פון דער לערערין וועגן בערלס שפּיל אין קינדער-היים, נאָכדעם ווי מ'האָט אַדורכגעפירט די אויבן-דערמאָנטע אָנווייזונגען פון דער באַראַטונג-שטעלע.

קינדער-היים (קינדער פון 4— יאָר, 24 קינדער: 11 יינגלעך, 13 מיידלעך) — דריי שפּילנדיקע גרופּן.

דער שטענדיקער אָרגאַניזאַטאָר פון די טאַקסוועקעס, אַ יינגל פון 5 יאָר, בויט ווידער אַ טאַקסי. מאָמענטאַל פאַריייניקן זיך צו אים נאָך 4 יינגלעך. מען בויט צוזאַמען. אין פאַרלויף פון 5 מינוט שאַרט דער אויטאָ איבער די גאַסן, געפּאַקט מיט פּאָליציי. בערל שטייט אין אַ ווינקל פון צימער. דעם פּויק האַלט ער מיט ביידע הענט פעסט צוגעדריקט צו זיך. זיין בליק איז אָנגעשטרענגט גע-

װענדט אין דער ריכטונג פֿון די פּאַרנדיקע קינדער. פּלוצלונג שרייט ער אויס: לערערין, איך דאַרף רויט פּאַפּיר! מיט אַ װוּנק האָט ער צוגערופֿן צו זיך נאָך צװײ ייִנגלעך. בערעלע לױפֿט מיט אַ פּאַק רויט פּאַפּיר אין סטאָלעריי. „שנעל, קינדער, צו דער אַרבעט! רויטע פֿענער, אַ דעמאָנסטראַציע װעט באַלד דאָ זײַן!‟. ער מאַכט טראַנספּאַראַנטן, פֿענדלעך. בערל אַרבעט װײַניק, ער פֿירט אָן, ער באַװעגט זיך שנעל, שטעלט זיך איבער פֿון איין פֿוס אויפֿן צװײטן, מאַכט שטומע באַװעגונגען מיטן מויל, פֿון צײַט צו צײַט שרייט ער אויס: „דאָס איז גוט! דאָס טויג נישט! דאָס איז שלעכט געשריבן! היי, שנעלער, די דעמאָנסטראַציע װאַרט! די פּאָליציי יאָגט! דעם אָרקעסטער דאַרף מען אָנגרייטן!‟ די אַרבעט האָט געדויערט 25 מינוט. בערל קומט אַרײַן אין צװייטן צימער, טראָגט אַ פּאַק פֿענער, ער שרייט אויס: „אַכטונג!, סקיפּיסטקעס! שטעלט זיך אין די רייען, סקיפּיסטן מאַכט אַ קייט!‟. אין פֿאַרלויף פֿון 5 מינוט זענען געשטאַנען 21 קינדער אויסגעשטעלט פּינקטלעך איינער הינטער דעם אַנדערן מיט פֿענער און טראַנספּאַראַנטן. דער אָרקעסטער גייט פֿאָרויס. בערל גייט דער ערשטער מיטן פּויק. פֿון צײַט צו צײַט מאַכט ער אויסגעשרייען: „אַכטונג! פּאָרזיכטיק! נישט שטערן!‟. פּלוצלונג טוט ער אַ שפּרונג אַרויף אויף אַ אַ טיש, אַלע בלײַבן שטיין, איין האַנט אויסגעשטרעקט אין דער לופֿטן. — מיר זינגען לידער, אַלע זינגען! פֿונדערווײַטנס שטייט אַ פּאָליצייאישער קעטשל. דאָס איז אַ באַזונדערע שפּיל־גרופּע פֿאַר זיך. איין פּאָליציאַנט זיצט דאָרט באַלאָדן מיט געווער (דאָס איז דער שטענדיקער פֿירער), אויך זיצן דאָרט 2 פֿיר־יאָריקע קינדער, וועלכע האָבן זיך אַבסאָלוט נישט פֿאַר־אינטערעסירט מיט דער דעמאָנסטראַציע (דאָס זענען די איינציקע צוויי קינדער פֿון גאַנצן אַנשטאַלט, וועלכע שפּילן זיך באַזונדער אין זייערע שפּילן: „אַ היים‟, „די שטענדיקע מאַמע‟).

די „דעמאָנסטראַציע‟ האָט זיך געצויגן דריי טעג. צוזאַמען מיט אַנדערע ענלעכע שפּילן. דער אָנפֿירער אין פֿאַרלויף פֿון די גאַנצע דריי טעג איז געווען בערל. יעדן טאָג פֿאַרן גיין אַהיים בעט בערל די לערערין אים צוגרייטן פּאַפּיר, שטעקנס און פֿאַרשידענע אַנדערע אינסטרומענטן, וועלכע ער מוז האָבן אויף מאָרגן אינדערפֿרי צו

דער דעמאָנסטראַציע. אין פאַרלויף פון דריי טעג איז געווען זייער אַ שפּאַנענדע שטימונג אין קינדער-היים, אַלע קינדער זענען געווען מיטגעריסן דורך בערלען. אויפן 4-טן טאָג אינדערפרי, ווען בערל איז אַריין אין קינדער-היים, האָט ער גלייך געמאָלדן: „שוין גענוג. מער מאַך איך נישט קיין דעמאָנסטראַציעס. מיר האָבן שוין פאַר-טריבן די פּאָליציי".

אַ חוץ נאָך איניקע נייע אימפּאָזאַנטע שפּילן פון בערלען, ווי אַ „גאַז-אַטאַקע", „טעאַטער" א. ד. גל., וועלכע פאַרכאַפּן אַ גרויסע טייל קינדער, אָרגאַניזירט בערל אַרום זיך געוויינטלעך בלויז אַ גרופּע פון 5—6 שטאַרקע יינגלעך. די איבעריקע קינדער טיילן זיך אין באַזונדערע גרופּעס מיט אייגענע שפּילערייען.

אינעם באַשריבענעם שפּיל זעען מיר, אַז מיט דער הילף פון די מכשירים (אָרקעסטער, רויט פּאַפּיר א. ד. גל.), וואָס מ'גיט בערלען איצט אַרויס, געלינגט אים צו ווערן אַן איניציאַטאָר און פירער פון פאַרכאַפּנדיקע שפּילערייען. אַ דאַנק דעם פירער-פּרינציפּ קאָן בערל נישט נאָר שאַפן מער פאַסנדיקע פאַר אים שפּילן, נאָר דער פאַקט פון פירער-זיין, די שפּאַנונג פון אַמביציע און פאַראַנטוואָרטונג, מאַכן בכלל פאַר אים דעם שפּיל שאַרפער און פאַסנדיקער פאַר זיין העכערן שפּיל-עלטער. צי ווירקט אָבער נישט דאָ זיין הערשערישע נאַטור אונטערדריקנדיק אויף שוואַכערע פאַר אים קינדער מיט אַ יינגערן שפּיל-עלטער? טאַקע אין די באַשריבענע שפּילן זעט מען, אַז קעגן דער הערשערישער נאַטור ווערט געהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט דורך אַנדערע פּרינציפּן פון שפּיל-לעבן. ערשטנס איז דאָס דער גרופּן-פּרינציפּ, לויט וועלכן נישט אַלע קינדער שפּילן צוזאַמען, נאָר זיי טיילן זיך אומגעשטערט אין גרופּעס לויט כאַראַקטער און אינטע-רעסן. אָט אַזוי זעען מיר אינעם שפּיל-באַריכט, אַז די קינדער-גרופּע אין פּאָליצייאישן קעטשל איז נישט פאַרינטערעסירט מיט בערלס דעמאָנסטראַציע און שפּילן פאַר זיך. צווייטנס, איז עס דער ראָליע-פּרינציפּ, לויט וועלכן אין יעדן שפּיל קלייבן זיך אויס די קינדער פאַרשידענע ראָליעס לויט זייערע פאַרשידענע אינטערעסן. אָט אַזוי האָבן די קינדער אין בערלס גרופּע פאַרשידענע ראָליעס: ווער אין אָרקעסטער ביי דער פּאָליציי, ווער — סתם מאַרשירנדיקע, ווער —

די פויקן־טרעגער א. א. וו. די ווייטערע אָבסערוואַציעס ביי בערלען אין קינדער־היים האָבן באַוויזן, אַז בלויז פון צייט צו צייט געלינגט עס בערלען צו שאַפן שפּילן פון אַ גרויסן פאַרנעם („דעמאָנסטראַציע", „גאַז־אַטאַקע", „טעאַטער" א. ד. גל.), און אָרגאַניזירן אַרום זיך אַ גרויסן טייל פונעם קאָלעקטיוו. געוויינטלעך אָבער בילדעט ער אַרום זיך אַ שטאַרקע גרופּע בלויז פון 5—6 ייִנגלעך. אָט איז, למשל, אַזאַ בילד פון פריי־שפּילנדיקן קינדער־היים: בערל איז אַ קאָמיסאַר, פיר ייִנגלעך — פּאָליציאַנטן, דריי ייִנגלעך — גנבים (אַלע אַכט צוזאַמען בילדן די שפּיל־גרופּע פון „באַנדיטן און פּאָליציי"), אַן אַנדערע גרופּע פון צוועלף קינדער פאַרנעמט זיך מיט צייכענען, פינף קינדער שפּילן זיך אין „היים", פיר קינדער אין לאָטאָ. קורץ געזאָגט: דער פירער־פּרינציפּ לאָזט ביי גינסטיקע באַדינגונגען דעם שטאַרקערן קינד מיט אַ העכערן שפּיל־עלטער שאַפן פאַרכאַפּנדיקע פאַר אים שפּילעריען, אָבער די גרופּן־דיפערענצירונג פונעם קינדער־קאָלעקטיוו, ווי אויך די ראָליען־פאַרטיילונג אין יעדער שפּיל־גרופּע, לאָזן יעדעם קינד פאַרנעמען אומגעשטערט זיין פּאַסנדיקן פּלאַץ. ס'איז די דאַנקבאַרע אויפגאַבע פונעם פּעדאַגאָג דורך געהעריקע מכשירים, באַדינגונגען און אָנרעגונגען צו מיטהעלפן ביי דער פאַרווירקלעכונג פון די דאָזיקע נאַטירלעכע פּרינציפּן.

מיר ברענגען איצט אַ צווייטן אינטערעסאַנטן פאַל.

27.2.34, חיים, 9,9, שילער פון פּאָלק־שול, 3. אָפּטיילונג, אינטעליגענץ־קוואָטיענט 91, ער איז פיזיש שוואַך. זייט דעם 6־טן לעבנס־יאָר ליידט ער פון נאַכט־שרעק. ער כאַפּט זיך אויף ביינאַכט מיט אַ שרעק, וויינט און שרייט, וואַרפט זיך מיטן גאַנצן קערפּער. ס'געדויערט מער ווי אַ מינוט, ביז מען באַרואיקט אים. די לעצטע חדשים האָט ער כמעט יעדע נאַכט אַזאַ אָנפאַל. אין שול איז זיין האַלטונג אומנאָרמאַל. דער לערער קלאָגט זיך, אַז כאָטש ער איז אַ פעיקער ייִנגל, קאָן ער זיך אָבער נישט קאָנצענטרירן. ער איז אומרואיק, קאָן נישט איינזיצן אויף אַן אָרט, בשעת דעם אונטערריכט אין קלאַס פּלוידערט ער, איז זייער צעשטרייט, פאַרגעסט די ביכער, די העפטן, די לעקציעס. ס'פּאַסירט, אַז בשעת דעם אונטערריכט לייגט ער זיך אויף דער באַנק שלאָפן, די קינדער שרייען אויף אים „משוגענער".

די עלטערן קלאָגן זיך, אַז דער יינגל שפּילט נאָר מיט קלענערע קינ־דער (אויף 2—4 יאָר). די עלטערן פאַרבאָטן אים שטרענג צו שפּילן מיט קלענערע. ס'איז מיאוס, שרייען זיי צו אים, וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס? קעגן דעם פאַרבאָט שפּילט ער דאָך מיט קלענערע, נאָר בגניבה אָדער מיט פאַרשידענע אויסריידן. ער שעמט זיך דערמיט. ווען כ'פרעג ביים יינגל, צי שפּילט ער זיך אָפט, פאַרכאַפּט ער דעם וועג מיט אַזאַ ענטפער: „די מאַמע זאָגט, אַז איך שפּיל מיט קליינע קינדער, נאָר איך שפּיל נישט." עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין שול און אין הויף (אין דער היים) רופן אים די קינדער מיט אַ צונעמעניש „געלער" (ער האָט געלע האָר). דאָס רעגט אים זייער אויף, ער איז אָבער פיזיש שוואַך און קאָן נישט קעמפן מיט די שטאַרקערע יינג־לעך קעגן דעם מיאוסן צונעמעניש. שפּילט ער דערפאַר מיט קלענערע קינדער. ווען יענע רופן אים מיט אַ צונעמעניש, שלאָגט ער זיי און צווינגט צו אַכטונג. אָבער מיט קלענערע לאָזן אים די עלטערן נישט שפּילן. איז ער ווי אין אַ קלעם: מיט גרויסע קינדער קאָן ער נישט שפּילן, און מיט קלענערע לאָזט מען נישט. מוז ער שפּילן בגניבה, און דאָס טאָרמאָזירט זיין פרייהייט, זיין איניציאַטיוו. אַט איז, למשל, אַ שפּיל־באַאָבאַכטונג, געמאַכט דורך מיין אַסיסטענטין, נאָוואָגרודזקאַ, אויפן הויף פון חיימען אין דער היים.

באַאָבאַכטונג אויפן הויף. דעם 17־טן מאַי (12 פרי)

איך קום אַרויף אויפן הויף. עס איז פריילעך! חיים מיט אַ גאַנ־צער כאַפּטע קינדער, אַ פינף יינגלעך קלענערע פאַר אים, שפּילן זיך אין פּאָליציי און גנבים. חיים איז אַ גנב, אַלע איבעריקע — פּאָליציי. חיים דערציילט מיר, אַז ער קען זיך אַזוי קונציק באַהאַלטן, אַז די פּאָליציי גייט פאַרביי זיין באַהעלטעניש — שפּרינגט ער אַרויס, און זיי קענען אים נישט כאַפּן, ווו ער האָט זיך באַהאַלטן. אַלע יינגלעך זענען אָנגעטון אין העלצלעך־שווערדן. זיי זענען אַלע קלענערע פון אים. איך שטיי לעבן אים, און ער דערציילט מיר וועגן דעם, ווי אַזוי ער שפּילט זיך. איך באַוויז זיך נאָך נישט אַרומצוקוקן, ערשט חיים כאַפּט אַרויס ביי אַלע פּאָליציאַנטן די שווערדן און וואַרפט זיי איינס

נאָך דאָס אַנדערע אין גערטל, וואָס איז דאָ אויפן הויף. „גענוג זיך געשפּילט!" זאָגט ער, און די שפּיל ווערט צעשטערט. איך פּרוביר אים איינרעדן, אַז ס'איז אַ שאָד, ס'איז אַזאַ שיינע שפּיל. „איך וויל שוין מער נישט!" — זאָגט ער און גייט מיט מיר אַרויף צו זיך אין שטוב."

דאָ זעען מיר, ווי ער ווייזט אַרויס ווייניק איניציאַטיוו, אָבער ער איז דער הערשער אין דער גרופּע — מיט געוואַלד כאַפּט ער צו ביי די קינדער די שווערדלעך און מאַכט אַ סוף צום שפּיל. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אינעם באַשריבענעם שפּיל האָט ער די ראָליע פונעם איינציקן גנב צווישן די נאָכיאָגנדיקע פּאָליציאַנטן, פון וועלכע ער מוז זיך ראַטעווען דורך אויסבאַהאַלטן. דער ייִנגל דריקט דאָ אויס דראַמאַטיש זיינע טאָג-טעגלעכע איבערלעבענישן, ווען ער מוז כסדר די איינציקע פּאָר אים שפּיל-מעגלעכקייט אַריינכאַפּן בגניבה און דערביי זיך שטענדיק פאַרטיידיקן מיט כלערליי קונציקע אויסריידן.

און אָט איז אַ באַאָבאַכטונג פונעם ייִנגל אין שול, געמאַכט דורך דער אַסיסטענטין, לעווין — בשעת דער גרויסער פּויזע, ווען ער געפינט זיך צווישן גלייכעלטערדיקע חברים פון זיין קלאַס.

חיים, דעם 11-טן אַפּריל 1934 (באַאָבאַכטונג אין קלאַס און אין זאַל בשעת דער גרויסער פּויזע).

„נאָכן גלאָק גיי איך באַלד אין קלאַס אַריין. חיים פּאַקט שוין אויס זיין פרישטיק. אין אַ ווײַלע אַרום קומט אַריין אַן אַלטיטשקע פרוי, דוכט זיך, זיינס אַ באָבע, ברענגט אים טרינקען. חיים עסט זייער פּאַמעלעך, זיצט רואיק, רעדט גאָרנישט. דאָס עסן דויערט 20 מינוט. אין קלאַס איז רוישיק. די קינדער שפּילן אין גרופּן, מען גליטשט זיך, מען שפּילט מיט פּאַפּירענע קוילן, מען ציִלעוועט, ווער עס וועט ווייטער שיסן און טרעפן. חיים שטעלט זיך אַוועק ביים טאַפּל און פּרוּווט עפּעס אָנצייכענען. אין עטלעכע סעקונדן שפּעטער שטייט ער אַליין ביים פענצטער און קוקט זיך צו, ווי די קינדער שפּילן. דערנאָך לויפט ער אַרום אין קלאַס, גייט אַרויס אין זאַל, דער זאַל איז זייער קליין. עס שפּילן דאָרט 8 קינדער אין פּילקע. ער לויפט איבערן זאַל, גייט צו צו דער וואַנט, קוקט זיך צו צו די בילדלעך, וואָס הענגען דאָרטן איבערן וואַנט. אין זאַל איז לעבעדיק, די קינדער

שרייען, קוויטשען. חיים גייט רואיק לעבן זיי אדורך צוריק אין קלאַס. דאָרט שפּילט שוין דער גאַנצער קלאַס אין קוילן־וואַרפן. איצט שיקט מען אַלע קוילן צו חיימען. ער וואַרט זיך. ער נעמט אַ בענקל און פאַר־שטעלט זיך מיט אים, אַז מען זאָל אים נישט טרעפן. די קינדער הערן אויף צו וואַרפן. חיים שטעלט זיך אַוועק ביים פענסטער, און שטייט דאָרט רואיק און איינזאַם ביז צום צווייטן גלאָק."

מ'זעט דאָ, ווי איינזאַם דאָס יינגל איז אין שול, ווו ער נעמט נישט קיין אָנטייל אין קיין שפּילנדיקער גרופּע. צום סוף פון דער פּויזע אָבער זעט מען, אַז אַלע קינדער פאַלן אויף אים אָן מיט זייערע באַמבעס און ער פאַרטיידיקט זיך אַליין קעגן גאַנצן קלאַס. ער זעט אויס צו זיין אין קלאַס אַ צווייטראַנגיקער, וועלכן מען נעמט נישט אַריין אין דער חברה און מען באַפאַלט אים נאָך אַליין.

ס'האָט זיך אָבער שפּעטער נאָך אָט וואָס אַרויסגעוויזן. ווייל ער קאָן נישט (מחמת פיזישער שוואַכקייט) זיך ווערן ביי די גרויסע קעגן דעם מיאוסן צונעמעניש, מוז ער, ווי שוין דערמאָנט, שפּילן מיט די קלענערע, אָבער דורך דעם רופט ער אַרויס נאָך מער שפּאָט און פאַראַכטונג ביי די גרויסע, וועלכע באַיקאָטירן אים אומברחמנותדיק. אָט איז, למשל, אַ פאַל געשילדערט פון דער מוטער: אויפן הויף האָט אַ יינגל צונויפגערופן אַלע יינגלעך צו שפּילן אין פוס־באָל, דער־ביי האָט ער הויך אויסגעשריען: „נאָר דער געלער נישט!". איז חיים געשטאַנען די גאַנצע צייט איינזאַם אין דער זייט און צוגעקוקט זיך צו דער שפּיל, אָבער די קינדער האָבן אים נישט צוגערופן.

זייענדיק געצוווּנגען צו שפּילן מיט קלענערע, קאָן אָבער חיים אויסלעבן מיט זיי זיין העכערן שפּיל־דראַנג דורך דעם, וואָס ער פאַרנעמט דאָרט די פירער־ראָליע און קאָן אויף דעם אופן, ווי מיר האָבן עס אויבן באַשריבן, שאַפן פאַרכאַפנדיקע שפּילערייען (פירער־פּרינציפּ). חיים טוט דאָס מיט יינגערע קינדער אַזוי, ווי בערל טוט עס מיט גלייכעלטערדיקע קינדער, וואָס האָבן אַ יינגערן שפּיל־עלטער. דורך דער פאַלשער אויפפאַסונג פון דער שפּיל־סיטואַציע דורך די עלטערן, דורך זייער אומזיניקן פאַרבאָט, ווערט כסדר גע־שטערט און באַדראָט די איינציקע שפּיל־מעגלעכקייט פונעם יינגל. די אונטערדריקטע שפּיל־לוסט רופט אַרויס ביי חיימען (ווי מיר האָבן

עם אויבן דערקלערט) דאָס געפיל פון נישט־קענען־זיך־אויסלעבן, פון נישט־געהעריק־לעבן־קענען, פון טויט־שרעק, וואָס געפינט דעם אויסדרוק אין עקספּלאָזיוון נאַכט־שרעק־אַנפאַל. גלייכצייטיק ווערט דער שפּיל־דעפיציט טיילווייז געדעקט בייטאָג מיט אומנאָרמאַלער אימפּולסיווקייט אין שול.

אויך דאָ האָט זיך דער דיאַגנאָז באַשטעטיקט דורך דער דערפאָלגרייכער באַהאַנדלונג, וווּ מיר האָבן ווידער באַגעגנט, ווי אויבן ביי בערלען, כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן.

מיר האָבן פאָרגעלייגט די עלטערן אַראָפּצונעמען פון חיימען דעם פאַרבאָט צו שפּילן מיט קלענערע קינדער, געבן אים אומגעשטערטע שפּיל־פרייהייט, גלייכצייטיק זאָלן מיט דער הילף פון די לערער רעגולירט ווערן חיימס באַציונגען מיט די קלאַס־חברים (זע פאָלגנדיקן קאַפּיטל). מיר האָבן דערנאָך דערקלערט דעם יינגל אין דער אָנוועזנהייט פון די עלטערן, אַז ער קאָן שפּילן מיט וועמען ער וויל, דערביי האָבן מיר אים אויפריכטיק געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר אַ יינגל קאָן עס זיין אויך נוצלעך צו שפּילן מיט קלענערע קינדער. חיים האָט צוערשט געקוקט אויף אונז איבעראַשט — פאַרוונדערט. ווי ביי בערלען, האָט די אומגעריכטע שפּיל־פרייהייט אויסגעזען אומגלויבלעך. חיים איז רויט געוואָרן, האָט פאַרדעכטיק אַ זאָג געטון: „כ׳וויים צוליב וואָס דער דאָקטאָר זאָגט מיר דאָס: כדי צו זען נאָכדעם, מיט וועלכע קינדער כ׳וועל שפּילן...״ מיר האָבן אים דערויף ערנסט דערקלערט, אַז ווען אַ יינגל שפּילט גוט מיט קלענערע קינדער, איז ער ווי אַ לערער, וואָס לערנט און פירט קליינע קינדער. דורך אויפריכטיקער ערנסטקייט פון טאָן און אינהאַלט האָט אונדזער שמועס פאַמעלעך געקענט באַזייטיקן זיין חשד און צווייפל.

די באַהאַנדלונג האָט געהאַט אַ ראַדיקאַלע ווירקונג. אין משך פון די נאָענטע חדשים זענען די נאַכט־אַנפאַלן פאַרשוווּנדן, ביז אויף זייער זעלטענע פאַלן, וואָס קומען איצט אין אַ זייער מילדער פאָרם (ער כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשריי און ווערט גלייך אַנטשלאָפן). אָבער אויך די דאָזיקע זעלטענע אַנפאַלן, קומען בלויז ווי כאַראַקטעריסטישע רעאַקציעס אויף פאַרקומענדיקע שפּיל־שטערונגען (רעזידואַלע שפּיל־עמפּינדלעכקייט), ווייל די עלטערן האָבן זיך גע-

קליבן ארויספֿאָרן און ער האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די שול, האָט ער דורכגעלעבט אַן איבערגאַנג-צייט מיט אַלע אירע צופֿעליקייטן. ווען מעגלעכער רעגולירונג פֿון די שפּיל-באַציונגען אין שול וועלן מיר רעדן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

מיר קענען איצט מאַכן פֿאָלגנדיקע אויספֿירן: 1) די אומבאַ-אַכטונג אָדער די פֿאַלשע אויפֿפֿאַסונג פֿונעם קינדס שפּיל-עלטער קאָן ברענגען גרויסע שטערונגען פֿאַרן קינד און פֿאַרן קלאַס, אויף וויפֿיל ס׳פֿירט צו אַ קראַנק-מאַכנדיקן שפּיל-דעפֿיציט.

2) דער שפּיל-עלטער קאָן רעלאַטיוו באַשטימט ווערן דורך דעם עלטער פֿון דער גרופּע, צו וועלכער דאָס באַטרעפֿנדיקע קינד האָט (בשעת דער פּויזע) אַן אומבאַוויגבאַרן דראַנג. דאָס איז אַ גרופּן-טעסט, וואָס אורטיילט וועגן שפּיל-עלטער לויט געוויסע גרופּן-באַ-ציונגען פֿונעם קינד. מיר קאָנען עס פּראַקטיש באַשטימען, ווען מיר אָבסערווירן אין משך פֿון אייניקע וואָכן דעם קינדס אויפֿפֿירונג בשעת דער פּויזע און מיר מערקן זיין שטענדיקע נייגונג צו אַן עלטערער אָדער יינגערער גרופּע (די מעטאָדע פֿון נאַטירלעכן אויס-וואַל). מיר קאָנען עס פּראַקטיש נאָך באַשטעטיקן, ווען דורך שטע-רונגען אָדער פֿאַרבאָטן קאָן מען טאָקע נישט אָפּהאַלטן דאָס קינד פֿון דער באַליבטער גרופּע (די מעטאָדע פֿון ווידערשטאַנד). אין דעם אויבן באַשריבענעם פֿאַל מיט בערלען קאָן מען לויט די דערמאָנטע מעטאָדן באַשטימען, אַז ביי בערלען איז דער שפּיל-עלטער העכער ווי דער כראָנאָלאָגישער עלטער אַן ערך אויף צוויי-דריי יאָר, אורטיילנדיק לויט דעם עלטער פֿון דער קינדער-גרופּע, צו וועלכער ס׳ציט אים און פֿון וועלכער מ׳האָט אים נישט געקענט אָפּרייסן.

3) מען דאַרף פֿאַרשטייט זיך, אויסטיילן יענע פֿאַלן, ווען קינדער קלייבן אויס שטענדיק אַ גרופּע נישט מחמת דעם שפּיל-עלטער, נאָר מחמת אַנדערע זייטיקע סיבות. אַט אַזוי האָבן מיר געזען אויבן אינעם פֿאַל מיט חיימען, דעם פֿיזיש-שוואַכן יינגל וועלכער שפּילט מיט יינגערע מחמת אַנגסט פֿאַר די שטאַרקערע יינגלעך, וואָס פֿאַרפֿאָלגן אים מיטן שפּאָטישן צונעמעניש.

4) דער שפּיל-עלטער קאָן זיך אונטערשיידן נישט נאָר פֿונעם

בראַנאַלאָגישן, נאָר אויך פונעם אינטעליגענץ-עלטער. אַט אַזוי האָבן מיר געזען אויבן ביי בערלען מיט זיין אינטעליגענץ-קוואָטיענט פון 91, אַז דער אינטעליגענץ-עלטער איז עטוואָס ווייניקער ווי דער כראָנאָלאָגישער, אָבער דער שפּיל-עלטער איז נאָך אויף צוויי־דריי יאָר העכער, ווי דער כראָלאָגישער. די שפּיל-באַגאַבונג קאָן, הייסט דאָס, זיין העכער אָדער נידעריקער ווי די אינטעליגענץ-באַגאַבונג. מיט אַנדערע ווערטער, דער שפּיל-קוואָטיענט איז העכער אָדער נידעריקער ווי דער אינטעליגענץ-קוואָטענט.

צום סוף ווילן מיר ברענגען אַ זייער אינטערעסאַנטע דער־גאַנצונג צום באַריכט וועגן בערלען.

אין חודש יוני (ד. ה. אייניקע וואָכן נאָך דעם אָפּשלוס פון דער באַהאַנדלונג אין דער באַראַטונג-שטעלע) פאָרט ער אַרויס מיט די עלטערן אויף אַ זומער-וווינונג הינטער וואַרשע. דאָרט אויף דער פריי האָט ער די פולע מעגלעכקייט צו שפּילן מיט וועמען ער וויל. שפּילט ער טאַקע נאָר מיט עלטערע קינדער, אַ גאַנצן טאָג איז ער אין באַוועגונג, מ׳קאָן אים קוים אַריינשלעפּן צום עסן, ער איז דער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פון די מייסטע שפּילן צווישן די קינ־דער, ווייל ער קאָן איצט אומגעשטערט אויסלעבן זיין שפּיל־דראַנג, זענען ביי אים טאַקע די אָנפאַלן פון נאַכט-שרעק אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך דאָרט קונה שם געווען מיט זיינע שפּי־לערייען, כמעט אַלע קינדער און דערוואַקסענע פון דער אַרומיקער געגנט קענען אים. און אָט האָט ער אין אָנהויב אויגוסט (נישט ווייט אָרט פון דער זומער-וווינונג) אָרגאַניזירט אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון קינדער, וואָס האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינע דערשטוינונג, אָט די משעקאַווע דעמאָנסטראַציע ווייזט באַשיינפּערלעך זיין גרויסע אָר־גאַניזאַטאָרישע שפּיל-באַגאַבונג, וואָס טיילט זיך אַזוי אויס קעגן דעם לערך נידעריקן אינטעליגענץ-קוואָטיענט.

דעמאָנסטראַציע פון 3.8.34, באַשריבן פון מיין מיטהעלפּערין הירשביין.

בערל האָט צונויפגעזאַמלט פיל קינדער פון די אַרומיקע זומער-וווינונגען, געהייסן זיי זיך אָנטון אין רויטע קליידער, ווער ב׳האָט נישט געהאַט קיין רויט קלייד, האָט ער געהייסן אויסזוכן

אַ רויטע שמאַטע, אַבי ער זאָל האָבן עפּעס רויטס אין האַנט. אַליין האָט זיך בערל אַוועקגעשטעלט פאָרויס, דער ערשטער, מיט אַ רויט פענדל אין האַנט. די דעמאָנסטראַציע האָט געריסט פון אָרט. בערל האָט געוואָלט פירן די קינדער אין דער יידישער סאַנאַטאָריע, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין דער זומער־וווינונג. דערווייל זענען כסדר אָנגעקומען נייע קינדער, פון די הייזער זענען אַרויס די עלטערע, דערוואַקסענע, און האָבן זיך אויך פאַריייניקט מיט דער קינדער־דעמאָנסטראַציע. די גאַנצע גאַס, וואָס פירט צו דער סאַנאַטאָריע, איז געוואָרן פול. בערלס מוטער האָט זיך זייער דערשראָקן, ווייל די דעמאָנסטראַציע האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער און ס'קאָן נאָך עפּעס געשען. איז זי צו צו בערלען, און געוואָרנט אים, ער זאָל נישט גיין ווייטער, ווייל פון דערבייאיק הויז וועט אַרויס אַ וועכטער מיט אַ בעזעם און וועט צעיאָגן די גאַנצע דעמאָנסטראַציע. בערל האָט אָבער נישט געוואָלט פאָלגן די מוטער. ער האָט באַמערקט שטיין פונדערווייטנס אַ מענטש. בערל קאָן אָט דעם מענטש, ער ווייסט, אַז דער מענטש האָט שוין אָנטייל־גענומען אין אַ סך דעמאָנסטראַציעס*). בערל ווענדט זיך צו דעם מענטש און פרעגט אים, צי ער מעג פירן די דעמאָנסטראַציע אין סאַנאַטאָריע; יענער ראַט אים אויך, אַז ער זאָל דאָס נישט טון. בערל טראַכט אָבער נישט צו פאָלגן. ער קוקט זיך אַרום איבער דער גאַנצער מאַסע מענטשן. אין דער זייט שטייען אַ סך פרויען, וועלכע זענען אַרויס פון די קיכן, מיט פאַרשידענע קיך־געצייג אין די הענט: איינע האַלט אַ פאַטעלניע, איינע אַ וואַלגער־האָלץ, איינע אַ נישט פאַרטיק געמאַכטע הון (ס'איז גראָד געווען פרייטיק, ווען אַלע פרויען האָבן געגרייט אויף שבת). בערל קוקט זיך צו צו די פרויען, און גיט אַ געשריי אַרויס הויך: „מיט קיין באַבעס גיי איך נישט אויף קיין דעמאָנסטראַציעס!" ער שטעלט אָפּ די דעמאָנסטראַציע. פאַרענדיקט מיט אַ „רעדע". דער אינהאַלט פון דער רעדע

---

*) דער פאָטער פלעגט אָפט מיטנעמען בערלען אויף 1־טע מאַי־ און ענלעכע דעמאָנטראַציעס — דערפון נעמט זיך די באַקאַנטשאַפט בערלס מיט דער טעכניק און אַפילו איניקע פירער פון די דעמאָנסטראַציעס.

איז, אַז מען האָט אַרויסגעוואָרפן אַן אַרבעטער מיט זיינע זאַכן פון זיין דירה, דער אַדמיניסטראַטאָר איז געווען אַ שלעכטער, זע־נען געקומען אַנדערע אַרבעטער, און האָבן צוריק אַריינגעטראָגן די זאַכן אין שטוב און געהאָלפן דעם אַרבעטער זיך צוריק אַריינ־ציען אין דער וווינונג. שפּעטער איז געקומען פּאָליציי און האָט פאַנאַנדערגעיאָגט אַלע אַרבעטער, די אַרבעטער האָבן נישט מורא געהאַט און האָבן דערשאָסן דעם אַדמיניסטראַטאָר פון הויז.

ביי אַן אַלגעמיינער שטילקייט איז די רעדע געוואָרן אויס־געהערט. מיט דעם האָט ער געשלאָסן די דעמאָנסטראַציע און „גע־הייסן" זיך אַלעמען פונאַנדערגיין.

קאפיטל 4

# פאטאלע סאציאלע אייגנשאפטן

(פרעסטיזש און צונעמעניש)

די פארבינדונג צווישן גרופן־לעבן, שפיל און פסיכישער גע־זונטקייט פירט דערצו, דאס יעדע וואקלונג פונעם קינדס שטע־לונג אין דער גרופע קאן פארוואנדלט ווערן אין א קינדער־טראגעדיע, וואס בלייבט אפט אומבאמערקט פאר די דערציער. אין דעם אויבן באשריבענעם פאל מיט חיימען (קאפיטל 3) האבן מיר געזען, אז מחמת אויסערלעכע אדער גאר צופעליקע אייגנשאפטן קאן א קינד נישט ווילנדיק קומען אין שווערע קאנפליקטן מיט דער גרופע און דורכדעם בלייבן אין איינזאמער שפיללאזיקייט, וואס פירט צו נייראטישע אדער אנטיסאציאלע רעאקציעס. דאס כאראקטעריסטישע דערביי איז גראד, ווי מיר האבן אין יענעם פאל געזען, וואס קינדער דערציילן זעלטן פאר דערוואקסענע וועגן די דאזיקע קאנפליקטן, וועלכע זיי טראגן אוים מייסטנס אליין אין זיך. די פארשונג מוז דערפאר מיט באזונדערער שארפקייט אויפקלערן דעם כאראקטער פון די אייגנשאפטן, וואס רופן ארוים ביי קינדער נישט ווילנדיקע קאנפליקטן.

נישט נאר סאציאלע, נאר אויך ריין־עסטעטישע אייגנשאפטן, ווי למשל, האר־פארב אדער מאנכע געזיכט־שטריכן, קאנען דורך זייער אויפאלנדיקן כאראקטער שעדיקן פאטאל דעם פרעסטיזש פון קינד אין דער גרופע און ארויסשטויסן אים פונעם גרופן־שפיל. חברים אין שול באמערקן נעמלעך זיין אויפאלנדיקן צייכן, גיבן אים א שפאטישן צונעמעניש, וואס דערנידעריקט און רייצט שמערצלעך דאס קינד. דאס געטראפענע קינד ווערט זיך אימפול־

סיוו, ער איז אָבער הילפלאָז קעגן אַ גאַנצן קאָלעקטיוו, רעזיגנירט ער אַנטמוטיקט, זוייכט אויס די קלאַס-חברים בשעת דער פויזע, און בלייבט איינזאַם אויסער דער שפּיל-גרופּע. דאָס קינד האָט, נישט ווילנדיק, זיך זעלבסט געמוזט פאַראורטיילן אויף איינזאַמקייט, אויף אַן אָפּזאָג פונעם גרופּן-שפּיל. אויסוווייכנדיק די קלאַס-חברים, קאָן אָפטמאָל דאָס קינד אָנהויבן שפּילן מיט יינגערע קינדער, פאַר-נעמענדיק דאָרט אַ פירער-ראָליע (פירער-פּרינציפּ). אָבער דאָ באַ-געגנט ער, ווי מיר האָבן פריער (קאַפּ. 3) געזען, פאַרשידענע שוועריקייטן מצד די אַרומיקע, וואָס לאָזן אים נישט שפּילן מיט קלע-נערע קינדער און וואָס אונטערדריקן דורכדעם די איינציקע פאַר אים שפּיל-מעגלעכקייט. אַזוי אָדער אַנדערש קומט עס צו אַ שפּיל-דעפיציט ביים קינד, וואָס פירט צו נייראָטישע סימפּטאָמען אָדער אומנאָרמאַלער האַלטונג (אומדיסציפּלינירטקייט). בשעת דער פויזע ווערט אָפט דאָס פאַרדייגזאַמטע קינד ווילד-אַגרעסיוו, און עס שלאָגט זיך אויס פאַרביטערונג; בשעת דעם אונטעריכט איז עס אומרואיק, שטערט די אָרדענונג, אָפּטמאָל ווערט עס צעלאָזן און דרייסט.

די דערציער, וואָס זענען אַזוי ווייניק באַקאַנט מיט דעם קינדער-לעבן בשעת דער פויזע, ווייסן מייסטנס נישט די טראַגישע איינזאַמקייט פונעם קינד, וואָס איז דאָך די סיבה פון זיין אומ-נאָרמאַלער האַלטונג. מאַכן די דערציער אומוויסנדע פאַרוואָרפן דעם קינד פאַר זיין אומדיסציפּלינירטקייט, זיי באַשטראָפן אים, און דורכדעם פאַרטיפן זיי נאָך מער די רעזיגנירטע שפּיללאָזע איינזאַמ-קייט פונעם קינד. די עסטעטישע איינגנשאַפט איז אַזוי אַרום גע-וואָרן אַ פאַטאַלע סאָציאַלע איינגנשאַפט פאַרן קינד.

נישט אַלע צונעמענישן האָבן די גלייכע באַדייטונג. ס'זענען פאַראַן „גוטמוטיקע" צונעמענישן, וואָס באַצייכענען אינדיפערענטע אָדער גאָר שיינע איינגנשאַפטן פון אַ קינד, און דערפאַר באַליידיקן נישט אַזוינע צונעמענישן, נאָר קאָנען זיין, פאַרקערט, אַן אויסדרוק פון אַלגעמיינער אכטונג אָדער ליבע. אָדער אַזוינע „בייזוויליקע" צונעמענישן, וואָס באַצייכענען נעגאַטיווע אָדער מיאוסע איינג-

שאפטן (לויט די קינדערס אויפּאסונג), דריקן אויס שפּאַטישע, פאַראַכטלעכע אָדער גרינגשעצנדיקע באַציונגען, און רופן אַרויס פאַרביטערונג פונעם קינד און זיין איזאָלירונג פונעם גרופּן־שפּיל.

די דאָזיקע איזאָלירונג געשעט נישט נאָר דורך דער רעזיג־נירטקייט פונעם קינד, נאָר אויך דורך דער ווייט־גייענדיקער שע־דיקונג פון זיין סאָציאַלן פּרעסטיזש אין דער גרופּע. אונטער פּרעסטיזש פאַרשטייען מיר די איין מאָל דערוואָרבענע שטעלונג אין קאָלעקטיוו, וואָס בלייבט אויף שטענדיק כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דעם באַטרעפנדן מענטשן. אין דער קינדער־גרופּע וועלן האָבן פאַרשידענעם פּרעסטיזש דער פירער, די שטאַרקערע און שוואַכערע מיטגלידער, די אַקטיווע און פּאַסיווע עלעמענטן. אָבער יעדעס קינד, אַלס איין מאָל געוואָרענער מיטגליד פון דער גרופּע, האָט זיין מינימום פּרעסטיזש, נעמלעך — דאָס שטענדיקע רעכט צו געניסן די געמיינזאַמע אינטערעסן און שוץ פון קאָלעקטיוו. דורך דעם צונעמעניש ווערט אָפט געשעדיקט אויך אָט דער מינימום פּרעסטיזש און דאָס באַטרעפנדיקע קינד ווערט אויסגעשלאָסן פון דער חברה, פון יעדן גרופּן־שפּיל. מיר האָבן אויבן (קאַפּיטל 3) עס געזען ביי חיימען: בשעת דער ייִנגל, דער פירער, האָט אויפן הויף גערופן אַלע ייִנגלעך צו שפּילן אין פוס־באָל, האָט ער הילכיק אויסגעשריען: „נאָר דער געלער נישט״. דער „געלער״ האָט פאַרלוירן זיין מינימום פּרעסטיזש, ער איז אויסגעשלאָסן פון דער שפּיל־גרופּע.

מיר זעען דאָ, ווי ביי חיימען זענען די געלע האָר געוואָרן אַ פאַטאַלע סאָציאַלע אייגנשאַפט, וואָס האָט אים דורך דעם שפּאָ־טישן צונעמעניש „געלער״ איזאָלירט פון דער גלייכעלטערדיקער גרופּע, און ער איז געצוווּנגען צו שפּילן מיט קלענערע קינדער. אין דער פריער פון מיר געפירטער אַמבולאַטאָריע אין בערלין האָב איך אין יאָר 1926 געהאַט אַן ענלעכן פאַל. אַן אַכט־יעריק ייִנגל, וואָס האָט רויטע האָר, ווערט אויפאַלנדיק אין קלאַס, ווו מ׳האָט אים געגעבן אַ צונעמעניש „שריפה״. דער ייִנגל פאַרלירט דורך דעם זיין גלייכגעוויכט, הויבט זיך אָן שלעכט לערנען און ווייזט אַרויס אַ גאַנץ אומנאָרמאַלע האַלטונג. געלע האָר־פאַרב, ווי ס׳ווייזט

די דערפאַרונג, איז עלול צו ווערן פאַרן קינד אין קלאַס אַ פאַטאַלע סאָציאַלע אייגנשאַפט.

אָבער נישט נאָר עסטעטישע, נאָר פאַרשידענע אַנדערע, סאַמע צופעליקע, דערשיינונגען קאָנען ווערן די פאַטאַלע סיבה פון בייוויליקע צונעמענישן. מיר האָבן אין אונדזער וואַרשעווער באַראַטונג-שטעלע געהאַט צוויי פאַלן, ווו בלויז דער קלאַנג פון אַ פאַמיליע איז געוואָרן אַ סיבה פון אַזאַ צונעמעניש. אין איין פאַל האָט דער יינגל געהאַט די פאַמיליע „רעק“, האָבן די קינדער אים געגעבן אַ צונעמעניש: (ד)רעק — דרעק. ענלעך איז עס געווען אין דעם אַנדערן פאַל, ווו מ'האָט בלויז מיט איין צוגעגעבענעם קלאַנג פאַרוואַנדלט אַ פאַמיליע-נאָמען אין אַ צונעמעניש. באַזונדערש וויכטיק אין דער הינזיכט זענען אַזוינע סאָציאַלע אייגנשאַפטן, ווי די צוגעהעריקייט צו אַ פרעמדער נאַציע אָדער קלאַס, וואָס זענען פאַרהאַסט אין דער אַרומיקער געזעלשאַפט פון די קינדער. אין דער דערמאָנטער אַמבולאַטאָריע אין בערלין האָבן מיר אין 1925 יאָר געהאַט אַזאַ פאַל. אַן אַכט-יאָריקער יידישער יינגל, וואָס לערנט זיך אין אַ קריסטלעכער שול און איז דאָרט דער איינציקער ייד, האָט זיך „פּלוצים“ אָנגעהויבן שלעכט לערנען און אַרויסווייזן אַן אומנאָרמאַלע האַלטונג. ביי דער נאָענטער פאָרשונג האָט זיך באַלד אויפגעקלערט די סיבה, אַז נעמלעך די קריסטלעכע חברים האָבן זיך דערוווסט וועגן זיין יידישקייט און אָנגעהויבן אים רופן מיט אַ שפּאָטישן צונעמעניש „יודע“*).

מ'דאַרף אונטערשיידן צווישן אָביעקטיוון און סוביעקטיוון פּרעסטיזש, אָפּהענגיק פון דעם, צי דער פּרעסטיזש ווערט באַשטימט דורך אָביעקטיווע, פון די חברים קומענדיקע, איינפלוסן (ווי צונעמענישן און פאַרשידענע אַנדערע אויסדרוקן פון גרופּישע באַציונג) אָדער דורך דעם קינדס סוביעקטיווע געפילן. אַ קינד קאָן, למשל, זיין ביי זיך אַזוי תקיף, אַז נישט קוקנדיק אויף דער פאַראַכטונג פון די חברים, וועט ער אויפטרעטן שטאָלץ אין דער גרופּע —

*) ביידע דערמאָנטע פאַלן פון בערלינער אַמבולאַטאָריע ווערן געבראַכט אין מיין בוך „חלום און שפּיל“ טייל 2-טע, קאַפּיטל 4.

דאָס קינד נעמט דאָ, אַזוי צו זאָגן, דעם פּרעסטיזש מיט גוואַלד, פון זיך אַליין. ס'פּאַסירט אָבער פאַרקערט, אַז מחמת פאַרשידענע סיבות (פיזישע שוואַכקייט, צעריסענע קליידער, צופעליקער שטרויבלונג א. ד. גל.) ווערט אַ קינד ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, און נאָך איידער די נאָרמאַלע באַציונגען פון די חברים האָבן זיך געענדערט, האָט דאָס קינד אַנגסט אויפצוטרעטן אין דער גרופּע. עס נעמט אַליין ביי זיך אַוועק דעם פּרעסטיזש, ד. ה. זיין סוביעקטיווער פּרעסטיזש איז געשעדיקט. מיר האָבן אויבן (קאַפּ. 1) געזען, אַז לייבל און מענדל, פיזיש שוואַכע קינדער, האָבן אַנגסט פאַר די שטאַרקערע חברים און איזאָלירן זיך באַצייטנס פון דער שפּיל-גרופּע. ביי אַ געשעדיקטן פּרעסטיזש קאָן מען דערפאַר ווירקן (ווי מיר וועלן עס גלייך באַשרייבן) דורך באַזייטיקונג פון די אונטערדריקנדיקע אָביעקטיווע תנאים, ווי אויך דורך אויפהייבן דעם קינדס סוביעקטיוון פּרעסטיזש.

אין אונזער באַראַטונג-שטעלע האָבן מיר מיט גרויס דערפאָלג באַהאַנדלט די נייראָזן, וואָס געפינען זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט ביייזוויליקע צונעמענישן. ס'איז וויכטיק, ערשטנס, וואָס דורך אונדזער מעטאָדע צו אונטערזוכן ביי יעדן נייראָז דאָס שפּיל-לעבן פון קינד בשעת די פויזעס, געלינגט עס תמיד אין די דערמאָנטע פאַלן אויפצודעקן די שפּיללאָזע איינזאַמקייט פונעם קינד דורך דעם צונעמעניש. די דערציער, וועלכע קומען מיט אָט די קינדער און קלאָגן זיך צוערשט אויף דער נערוועזער אומרו פונעם קינד, דערוויסן זיך ערשט אין דער באַראַטונג-שטעלע וועגן דער איזאָלירנדיקער ווירקונג פונעם צונעמעניש. צווייטנס, דער עצם פאַקט, וואָס די באַראַטונג-שטעלע לייגט אַכט אויף דעם צונעמעניש און שטעלט זיך אָפּן און קאַטעגאָריש אַנטקעגן, ברענגט דעם קינד דערמוטיקונג און פסיכישע באַפרייונג; עס דערפילט דאָ גלייך אַ העכערע אינסטאַנץ און אַ שטיץ-פונקט. אַמוויכטיקסטן איז אָבער, דריטנס, וואָס דורך אַ הייל-דערציערישן שמועס מיטן קינד און דערנאָך מיט דעם קלאַס (געפירט דורכן לערער לויט אונדזערע אָנווייזונגען), געלינגט עס תמיד צו באַזייטיקן דעם צונעמעניש, אויפהייבן ווידער דעם פּרעסטיזש פונעם קינד, און עס דורכדעם פאַמעלעך

אריינפירן אין דער שפיל-גרופע. דאָס קינד הויבט אָן נאָרמאַל צו שפּילן. און אַזוי אַרום פאַרשווינדן די אומנאָרמאַלע דערשיי-נונגען.

מיר ווילן איצט ברענגען אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל פון דער באַראַטונג-שטעלע.

15.3.34, וועלוול, 12 יאָר, פאָלקשול-שילער, אין 4-טער אָפּטיי-לונג, די לערערין קלאָגט זיך אויף זיין אומנאָרמאַלער האַלטונג. ער מאַכט נישט די לעקציעס, האָט נישט קיין אינטערעס צו די לימודים, בשעת דעם אונטעריכט איז ער אומרואיק, שטערט די אָרדענונג. ער רעדט פּאָרנאָגראַפישע רייד מיט די קינדער, אין קלאַזעט מאַכט ער פאַר אייניקע קינדער קונצן מיט דעם געשלעכטס-אָרגאַן. דער-הויפּט איז ער אָבער ווילד אַגרעסיוו. בשעת דער פויזע, נעמלעך, שלאָגט ער זיך מיט די קינדער, כאָטש ס׳ענדיקט זיך תמיד ביי אים מיט אַ היסטעריש געוויין. די אַלע דערמאָנטע סימפּטאָמען ווייזן זיך אַרויס בלויז אין שול, אין דער היים, זאָגן די עלטערן, איז ער לחלוטין אָרדנטלעך און רואיק (נייראָז ,,B״).

ערשט דורך דעם שמועס מיט דעם יינגל דערוויסן מיר זיך די אמתע סיבה פון זיין אומנאָרמאַלישקייט. דער יינגל זאָגט נעמ-לעך, אַז ער שלאָגט זיך מיט די קינדער, ווייל זיי רופן אים אַ מיאוסן צונעמעניש ,,ליכטל״ (מחמת אַן אומנאָרמאַלער שטעלונג פון עם נאָז-ביין, וואָס מען קאָן נאָך דערוויייל נישט היילן, רינט אים אָפט אונטערן נאָז אַ דינער שטראָם, וואָס די יינגלעך רופן שפּאָטיש ,,ליכטל״). ער שפּילט זיך דערפאַר, זאָגט ער, נאָר מיט די יינ-גערע קינדער, וואָס טשעפּען אים נישט. די לערערין האָט נאָכדעם אָט ווי באַריכטעט וועגן דער ווירקונג פון צונעמעניש. ,,אָפט האָט זיך וועלוול געקלאָגט, אַז מ׳רופט אים איבער ,,ליכטל״. דאָס איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס ער שלאָגט אַנדערע קינדער. כ׳האָב אָבער אַזוי לאַנג נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון צונעמעניש, ביז כ׳האָב אַליין נישט געזען, ווי וועלוול האָט דערויף רעאַגירט. ביים וואָרט ,,ליכטל״ פלעגט ער אַריינפאַלן אין אַזאַ אויפרעגונג, וואָס האָט געגרענעצט כמעט מיט משוגעת, און ס׳האָט אים גאָר נישט געקענט אָפּהאַלטן פון רעאַגירן אויף דעם מיט שלאָגן, כאָטש

דאָס שלאָגן ענדיקט זיך פאַר אים אַלע מאָל מיט אַ היסטעריש געוויין..."

מיר האָבן קורץ און אויפריכטיק דערקלערט דעם יינגל די שעדלעכע ווירקונג און דעם גראָבן אומזין פון צונעמעניש, וואָס מוזן פון דער שולע אויסגעראָטן ווערן. ביים יינגל האָבן די אויגן אויפגעלויכטן. נאָכדעם האָבן מיר רעקאָמענדירט דער לערערין (אין דער אָנוועזנהייט פונעם יינגל), אַז זי זאָל אין אונדזער נאָמען אויפקלערן דעם קלאַס וועגן דער שעדלעכער ווירקונג, וואָס צונעמעניש האָבן אויף קינדער, וועלכע ווערן גערופן אַדער רופן אַנדערע מיט אָט די מיאוסע צונעמעניש. אָט וואָס די לערערין באַריכטעט וועגן איר שמועס אין קלאַס, וואָס זי האָט געפירט לויט אונדזערע אָנווייזונגען:

„...כ'האָב אין קלאַס געהאַט אַ שמועס מיט די קינדער וועגן איבערופן זיך. כ'האָב זיי דערציילט, אַז מיר זענען געווען ביים פּראָפעסאָר (אין דער באַראַטונג-שטעלע), און דער פּראָפעסאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַלדאָס שלעכטע, וואָס וועלוול טוט אָפּ פאַר זיך און פאַר דעם קלאַס, איז מחמת דעם איבערופן אים. אַגב איז דאָך וועלוול נישט שולדיק, וואָס ער האָט אַ קראַנקע נאָז. אויב די קינדער ווילן, אַז ער זאָל ווערן אַ גוטער און אַ רואיקער, איז עס נאָר אָפּהענגיק פון זיי. מיינע ווערטער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק (מ'האָט זיך ארויסגעזאָגט בכלל וועגן צונעמעניש, מ'האָט אָנגעוויזן, אַז ס'זענען פאַראַן גוטמוטיקע און בייזוויליקע צונעמעניש). דער קלאַס האָט נאָכדעם ארויסגעוויזן לגבי וועלוולען אַ סך גוטן ווילן. מ'האָט אים כמעט מער נישט איבערגערופן. וועלוול האָט זיך אָנגעהויבן פילן יום-טובדיק און יחסניש".

דורך דער דירעקטער דערציערישער אַפּעלירונג צום געזעלשאַפט-באַוווסטזיין און געזונטן סאָציאַלן אינסטינקט פונעם קינדער-קאָלעקטיוו האָט מען גלייכצייטיק באַזייטיקט דעם צונעמעניש, ווי אויך אויפגעהויבן ווידער דעם פּרעסטיזש פון וועלוולען אַלס גלייך באַרעכטיקטן מיטגליד פון דער גרופּע. ער איז ווידער אריין אינעם נאָרמאַלן שפּיל-לעבן פונעם קלאַס, אַזוי אַרום זענען אַלע פריערע סימפּטאָמען פון אומנאָרמאַלער האַלטונג אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

שווין אין אַ קנאַפּער וואָך אַרום (20/3), מעלדעט אונדז די לע־
רערין, אַז וועלוול מאַכט יעדן טאָג די לעקציעס, לערנט אין קלאַס
בעסער און גערנער, רעדט נישט קיין פּאַרנאָגראַפּישע רייד, שפּילט
מיט די קינדער, שלאָגט זיך נישט. די קינדער רופן אים נישט
איבער, טאָמער פּאַסירט עס אַמאָל, איז ער שוין נישט אַזוי עמפּינד־
לעך. נאָך צייטנווייז רעאַגירט ער נאָך זייער שאַרף אויף אַ שפּיל־
קאָנפליקט, וואָס קומט דורך אַ נייער אָנדייטונג פונעם צונעמע־
ניש (,,רעזידואַלע שפּיל־עמפּינדלעכקייט''). מיט יעדן טאָג אָבער
ווערט זיין נאָרמאַליזירונג פעסטער. אָט וואָס די לערערין שרייבט
אין איר באַריכט פון מאַי, ד. ה. עטלעכע חדשים נאָך זיין ערשטן
באַזוך אין דער באַראַטונג־שטעלע: ,,ביי היינטיקן טאָג, סומירט די
לערערין אין איר באַריכט, איז וועלוול אַ נאָרמאַלער אינטעליגענטער
שילער, ד. ה. ער מאַכט די לעקציעס, האָט זיך שטאַרק אַ הויב
געטון אין די קענטשטאַנדן, פון צייט צו צייט גיט ער אַפילו אַ בליץ
מיט אַ זעלבשטענדיקער אַרבעט''.

מיר קאָנען איצט מאַכן פאָלגנדיקע פּראַקטישע אויספירן:
1) די מעגלעכקייט פון גרופּן־שפּיל ביים קינד הענגט אָפּ פון זיין
פּרעסטיזש אין דער גרופּע. דער צונעמעניש איז דער אויסדרוק
און שטעמפּל פון געשעדיקטן פּרעסטיזש און ווירקט אומדירעקט אויף
דער פּסיכישער געזונטקייט פון קינד, אויף וויפל ס'פירט צו קראַנק־
מאַכנדיקן שפּיל־דעפיציט (אָבער נישט דורך אַ כלומרשטן ,,מינדער־
ווערטיקייט־קאָמפּלעקס'', ווייל אינעם לוסטיקן שפּיל קאָן אַ קינד
,,פאַרגעסן'' און גובר זיין אַלערליי ליידן). 2) אין פיל פאַלן פון נער־
וועזישקייט אָדער אַנטיסאָציאַלישקייט קאָן מען טאַקע דורך באַ־
אָבאַכטונג בשעת דער פויזע פעסטשטעלן דעם צונעמעניש אַלס באַ־
שיינפּערלעכע סיבה פון דער אומנאָרמאַלישקייט, וואָס קאָן און מוז
מעטאָדיש באַזייטיקט ווערן דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקער הייל־פּעדאַ־
גאָגישער אויפקלערונג פון דער גרופּע. 3) צוליב דער פּסיכאָ־
היגיענע פון דער שול איז וויכטיק פאַר די דערציער צו שטיין אויף
דער וואַך בשעת דער פויזע און שאַפן באַצייטנס אַ דערציערישן
שוץ פאַרן באַדראָטן קינדס פּרעסטיזש.

קאַפּיטל 5

# דערציבאַרקייט־עלטער*) און שפּיל־פרייהייט

ביי נאָענטער באַטראַכטונג קאָן מען לייכט איינזען דעם גרונט-פאַקט, אַז דאָס קינד האָט אין יעדן עלטער אַ באַשטימטן גראַד פון דערציבאַרקייט, ד. ה. פון דער פעיקייט אָדער גרייטקייט זיך צו לאָזן דערציען און באַאיינפלוסן פון דערוואַקסענע. דאָס איינ-יאָריקע קינד, למשל, וואָס לאָזט זיך גערן טראָגן אויף דער מוטערס האַנט און ביי די ערשטע גיי-פּרוּוון קלאַמערט עס זיך אַזוי ציטערדיק אָן דער מוטערס פאַרטעך, וועט אַ שטיקל צייט שפּעטער וועלן דוקא לויפן „אַליין" און וועט זיך זייער אויפרעגן קעגן דער ביי-גונג פון דער אַנגסטלעכער מוטער אים צו האַלטן שטענדיק פאַר דער האַנט.

---

*) זייט בינע איז טעאָרעטיש און פּראַקטיש איינגעפירט געוואָרן דער באַגריף פון „אינטעליגענץ-עלטער". אונזערע פאָרשונגען איבער פאָרליגנדיקן בוך פירן אַריין די באַגריפן פון שפּיל-עלטער און דערציבאַרקייט-עלטער. ווי אינטעליגענץ, זענען אויך שפּיל-באַגאַבונג און דערציבאַרקייט נישט קיין איינצלנע, נאָר אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן, וואָס נעמען אַרום, ערשטנס, דאָס גאַנצע פּסיכישע לעבן און האָבן, צווייטנס, אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג און דערציונג פון קינד. דריטנס, ווי אינטעליגענץ, קאָנען שפּיל-באַגאַבונג און דערציבאַרקייט באַשטימט ווערן דורך רעלאַטיווער אָפּשאַצונג אין פאַרגלייך מיט נאָרמאַלע קינדער. ביים שפּיל ווערט אָנגעווענדט דער אויבן באַשריבענער (סוף קאַפּ. 3) גרופּן-טעסט. ביי דער דערציבאַרקייט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, קאָן מען גענוי באַשטימען דעם פאַקט פון אַן אָפּווייכנדיקן דערציבאַרקייט-עלטער, ס'איז נאָר דאָ שווערער צו באַשטימען אויף וויפל יאָרן די אָפּווייכונג באַציט זיך.

מיט דער אַנטוויקלונג פון פעיקייטן און כוחות באַקומט דאָס קינד מיט יעדן יאָר אַן אַלץ גרעסערן דראַנג צו זעלבשטענדיקייט, וואָס פאַרשמעלערט און ענדערט די דערציבאַרקייט פון קינד, ד. ה. די מעגלעכקייט פון די אַרומיקע צו ווירקן אויפן קינד. אויב די דער־ציאונג ווערט נישט מיט יעדן יאָר פרייער און אַנדערש לויט דער־וואַקסנדיקער זעלבשטענדיקייט פון קינד, אויב די דערציאונג איז, הייסט דאָס, נישט צוגעפּאַסט צום דערציבאַרקייט-עלטער פונעם קינד, — קאָן אָט די (פריער אַזוי גוט צוגעפּאַסטע) דערציאונג ווערן מיטאַמאָל באַלעסטיקנדיק פּאַטאַל פאַרן קינדס פרייער אַנטוויקלונג און אַרויסרופן ביי אים אימפּולסיוון ווידערשטאַנד און טיפע פאַר־ביטערונג. ס'איז ווי אַ פאַראיאָריק בגד, וואָס איז איצט פאַר דעם אויסגעוואַקסענעם קינד ענג און באַלעסטיקנדיק. דאָס קינד ברעכט (אָפן און באַהאַלטן) די קלעמענדיקע דערציונג-נאָרמען, ער ווערט „אומדיסציפּלינירט". אָנשטאָט אָבער צו פאַרשטיין און באַזייטיקן די סיבה פונעם קינדס אימפּולסיוון ווידערשטאַנד, באַטראַכטן עס נאָר מאַנכע דערציער ווי אַ בייזוויליקייט און באַשטראָפן דאָס קינד. דורך דעם אָבער ווערן די דערציונגס־קייטן נאָך שטייפער און שמערצלעכער פאַרן קינד, זיין ווידערשטאַנד ווערט נאָך מער פאַר־טיפט און פאַרביטערט.

דער דערמאָנטער ווידערשטאַנד האָט די עלעמענטאַרע קראַפט פון אַן אינסטינקט. שוין ביי הינט האָט פּאַוולאָוו פעסטגעשטעלט דעם אַזוינגערופענעם „פרייהייטס-רעפלעקס". ווען ער פלעגט ביים עקספּערימענטירן צובינדן הינט מיט אַ רימען צום געשטעל, פלעגן זיי אַרויסווייזן רעפלעקטאָרישע אָפּווער-רעאַקציעס אויף די רימענע פּענטעס. ביי העכערע חיות, הייסט דאָס, איז דער דראַנג צו פריי־הייט (אָדער דער ווידערשטאַנד קעגן שטערונג פון פרייהייט) אַ גע־ירשנטער, עלעמענטאַרער גרונט-כוח. אָט דער רעפלעקס ווייזט זיך אַרויס ביים קינד אינעם אימפּולסיוון ווידערשטאַנד קעגן ענג־גע־וואָרענע איינקלעמענדיקע דערציונגס-נאָרמען, וואָס פּאַסן נישט צום קינדס דערציבאַרקייט-עלטער. דאָס דערקלערט אונדז אויך די גאַרנישט זעלטענע דערשיינונג, וואָס אין מאַנכע פאַלן קאָנען גע־האָרכזאַמע שטילע קינדער ווערן „פּלוצים" אומדיסציפּלינירט און

ארויסווייזן אלץ מער אומנארמאלע האלטונג. די מיט דעם וווקס קומענדיקע ענדערונג פונעם קינדס דערציבארקייט מאכט די ביזאיצטיקע דערציאונג ענג און אויפרייצנדיק.

דער פריערער בילדלעכער פארגלייך מיט דעם ענג געווארענעם בגד האט איינגנטלעך אויך א פרינציפיעלע באדייטונג, נעמלעך. ווי דער קערפערלעכער וווקס, אזוי ענדערט זיך ביים קינד, ארגאניש און געזעצמעסיק, פון יאר צו יאר, זיין דערציבארקייט, וואס פארלאנגט אן אנטשפרעכנדיקע ענדערונג פון דערציונג. בלייבנדיק ביי אט דעם פארגלייך, קאנען מיר איינפאך און קלאר באשטימען דעם באגריף פון „פרייער" דערציונג. אזוי לאנג ווי דאס קלייד איז לויט דעם וווקס, ליגט עס „פריי" אויפן קערפער און שטערט נישט, נאר שיצט די „פרייהייט" פון האלטונג און באוועגונג. ווי נאר אבער דאס יינגל איז ארויסגעוואקסן פונעם ענג געווארענעם בגד, איז אט דער בגד א צוואנג פאר די גלידער, וואס רויבט די פרייהייט פון קערפער. געוויינטלעך מיינען מאנכע, אז פרייע דערציונג הייסט אזא, וואס וועגדט נישט אן קיין אויסערלעכן צוואנג, ווי פארבאטן, שטראפן א. ד. גל. דאס איז אבער ווייניק. נאר אזא דערציונג איז פריי, וועלכע איז אינערלעך צוגעפאסט צו דער נאטירלעכער זעלבשטענדיקייט פון קינד. מעג, למשל, די שול זיין ווי מילד און פריי, זעצט מען אבער אריין אן עלטערן יינגל אין א נידעריקערן קלאס צווישן יינגערע קינדער, וועט ער זיך פילן ווי געפענטעט אין דער ענגער פאר אים קלאס־אטמאספער. דאס זעלביקע איז אבער אויך, ווען א יינגל זיצט אין קלאס צווישן גלייך־עלטערדיקע, אבער זיין דערציבארקייט האט אריבערגעוואקסן די ענגווערנדיקע דערציונג פונעם קלאס. פאר דעם העכערן דערציבארקייט־עלטער איז די געוויינטלעכע דערציִונג אין קלאס צווישן גלייך־עלטערדיקע אן אומפרייע, אונטערדריקנדיקע דערציונג, וואס רופט ארויס אן עלעמענטארן רעפלעקטארישן ווידערשטאנד.

טאקע דערפאר, וואס די מייסטע קינדער האבן אין יעדן עלטער א באשטימטן גראד פון דערציבארקייט, ווערן אין שול די קינדער פונאנדערגעטיילט אין קלאסן לויט עלטער; אין יעדן קלאס מוז דער לערער צופאסן דעם דערציערישן איינפלוס צו דעם עלטער

פון קלאַס (ד. ה. צו דער דערציִבאַרקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם עלטער פונעם קלאַס). ס'זענען אָבער פאַראַן קינדער, וואָס זייער דערציִבאַרקייט איז העכער אָדער נידעריקער, ווי די, וואָס עס האָבן די מייסטע קינדער פון זייער עלטער. ס'איז, הייסט דאָס, אַ דיפערענץ צווישן כראָנאָלאָגישן עלטער און דערציִבאַרקייט-עלטער. אַ ייִנגל פון אַכט יאָר קאָן, למשל, האָבן די אַמביציעזע זעלבשטענדיקייט פון אַ צען־יאָריקן. ער האָט, הייסט דאָס, אין הינזיכט פון דערציִבאַרקייט אַריבערגעוואַקסן אויף צוויי יאָר זיין איצטיקע דערציִונג, וואָס ווערט פאַר אים ענג און אויפרייצנדיק, און רופט אַרויס ביי אים אַן אינסטינקטיוון ווידערשטאַנד. ער קאָן נישט פאַרטראָגן די אומפּאַסנדיקע פאַר אים קלאַס-דיסציפּלין, ער איז פול מיט פאַרביסענער אָפּאָזיציע קעגן די לערער, קריטיקירט שאַרף זייערע פאַראָרדענונגען, פילט זיך געקריוודעט און טוט אַלץ צו־להכעיס.

די לערער באַשטראָפן אים, שיקן אים אַרויס פון קלאַס, ווענדן אָן אַלץ האַרבערע שטראָפן, וואָס צערייצן נאָך מער דעם ייִנגלס ווידערשטאַנד. ס'קומט נישט זעלטן צו ווילסטע סקאַנדאַלן. נאָך ערגער איז די לאַגע אין דער היים, ווו די אַטמאָספער פאַר דעם צו זעלבשטענדיקן ייִנגל איז נאָך מער אויפרייצנדיק. ער איז פול מיט פאַרביסענער אָפּאָזיציע צו די עלטערן, וואָס ווערן נאָך גיכער אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ס'אַנטשטייען שווערע ראַנגלענישן צווישן פאָטער און ייִנגל. אין איינעם אַזאַ פאַל, וועלכן מיר וועלן אונטן באַשרייבן, האָט דער פאָטער אין אַ שווערער מינוט געבעטן דעם טויט אויפן ייִנגל. דאָס שלאָגן זיך פון די עלטערן, ווי יעדע קערפּער-שטראָף, פאַרטיפט און צעוויטיקט דעם ווידערשטאַנד פונעם ייִנגל*).

---

*) אַ פאַטאַלע ראָליע שפּילט דאָ קערפּער־שטראָף, וואָס רופט אַרויס ביים קינד (אין יעדן עלטער) אַ געפיל פון פאַרגוואַלטיקונג און איז אַזוי אַרום אַ ווידערשפּרוך פון יעדער דערציִבאַרקייט בכלל. זי רופט אַרויס אַ טיף אינסטינקטיוון ווידערשטאַנד ביים קינד. ביי עלטערע קינדער רופט עס אַרויס מייסטנס אַן אָפענע, פאַרביסענע בונטאַרישקייט, וואָס קאָן פירן

ווי זשע איז אָבער די פאַרכאַפנדיקע קראַפט פון לוסטיקן שפּיל? דערמיט באַרירן מיר נעמלעך דאָס וועזן פון פּראָבלעם. דער העכערער דערציבאַרקייט-עלטער ווירקט אומדירעקט אויף דער פסיכישער געזונטקייט פונעם קינד, טאַקע דורך דער שטערונג פונעם שפּיל-לעבן. ערשטנס, דער מער אַמביציעזער (לגבי די גלייכעלטער-דיקע חברים), דער שטענדיק געקריוודעטער און געקרענקטער יינגל שלאָגט זיך אויך מיט די קלאַס-חברים, וועלכע ענטפערן דערויף מיט געמיינזאַמען אָפּשטויס, גיבן אים אָפּט מיאוסע צונעמענישן. ער קאָן זיך נישט איינלעבן אין דער קינדער-גרופּע און קאָן דורך דעם נישט נעמען קיין געהעריקן אָנטייל אין גרופּן-שפּיל. קומט עס צו אַ קראַנקמאַכנדיקן שפּיל-דעפיציט. צווייטנס, אויך וויפיל די דערציבאַרקייט האָט אַריבערגעוואַקסן זיין קלאַס, ווערט פאַר אים (ווי שוין דערקלערט) ענג און אומפריי די גאַנצע קלאַס-אַטמאָספער, וואָס אונטערדריקט זיין נאַטירלעכן „איך” און פאַרמינערט דורכ-דעם אויך די פרייהייט פון שפּיל. דאָס וועזן פון שפּיל איז דאָך אָבער די אומגעשטערטע זעלבסט-אַנטפּלעקונג, איר ספּאָנטאַנישקייט, די נאַ-טירלעכע שפּיל-פרייהייט*). אין עדר אומפרייער אַטמאָספער אָבער קאָן דאָס קינד נישט שפּילן ווי געהעריק, קומט עס צו אַ שפּיל-„דעפיציט”. אָט דער דעפיציט ווערט געדעקט דורך דער נייראָטי-

---

צו שווערע אַנטיסאָציאַלע האַנדלונגען. ביי ייִנגערע קינדער אָבער, וואָס זענען אָנמעכטיק קעגן דעם איבערפאַל פונעם שטאַרקערן, פונעם דער-וואַקסענעם, קומט עס מייסטנס צו אַ באַהאַלטענעם, טיף גראָבנדיקן ווידער-שטאַנד. מאַנכע קינדער באַקומען בשעת קערפּער-שטראָף אַ שטאַרקן אַנאַניס-טישן רייץ אינעם גליד (באַזונדערס ווען ס'ווערט בשעת דער שטראָף אַנט-בלויזט אַ באַשטימטער קערפּערטייל), וואָס איז אַ סעקסועלער צוואַנג-שפּיל (זע ווייטער קאַפּ. 7). ביי אַנדערע קינדער ווערן געוועקט (דורך קערפּער-שטראָף) פאַרשידענע נייראָטישע דיספּאָזיציעס. די קערפּער-שטראָף, ווי אַ ראַדיקאַלער ווידערשפּרוך פון יעדער נאָרמאַלער דערציבאַר-קייט, איז אַ פּסיכישע טראַומאַ, אַ דראָענדיקער קלאַפּ פאַר דער פּסיכישער געזונטקייט פון קינד.

*) זע מיין ווך „חלום און שפּיל”, טייל 4, קאַפּיטל 5.

שער פאַרשטאַרקונג פונעם ייִנגלס אימפּולסיוון ווידערשטאַנד קעגן די דערציִער און דער דערציִונג. ס'קומט אויס אַזוי: דאָס אונטער-דריקטע „איך" פונעם קינד ברעכט אימפּולסיוו די דערציִונג-אָרדענונג, און די איינגעקלעמטע שפּיל-פרייהייט. דער דעפיציט פון שפּיל צעררייצט נייראָטיש אָט דעם אימפּולסיוון ווידערשטאַנד.

דאָס פּראָבלעם ווערט נאָך פאַרשאַרפט דורך דעם, וואָס די קינדער מיט אַ העכערן דערציִבאַרקייט-עלטער קאָנען נישט אַרי-בער אין אַן אַנטשפּרעכנדיק העכערן קלאַס מחמת זייערע יאָרן, זייער אינטעליגענץ-עלטער און פּעדאַגאָגישער אומצוגערייטקייט. אָט די קינדער בילדן טאַקע אַ גרויסן טייל פון די אַזוי גערופענע „אומדיסציפּלינירטע" קינדער, וואָס זענען דאָס שווערסטע פּראָ-בלעם פאַר שול און פאַמיליע. ווי דורך דער באַשטימונג פון אינ-טעליגענץ-עלטער וויל מען באַצייטנס דערקענען און באַהאַנדלען די אָפּגעשטאַנענע אָדער די באַגאַבטע קינדער, אַזוי מוז מען דורך באַשטימונג פון דערציִבאַרקייט-עלטער פאַרהיטן דעם נייראָטישן ווידערשטאַנד פון די צופּיל אַמביציעזע שילער און זייער שווערע ווירקונג אויפן גאַנצן קלאַס.

דעם העכערן דערציִבאַרקייט-עלטער (ווי דעם העכערן שפּיל-עלטער), טרעפט מען מייסטנס ביי ייִנגלעך, פּיל זעלטענער ביי מיידלעך. פאַר אַזוינע ייִנגלעך איז זייער כאַראַקטעריסטיש שוין דאָס אויסזען, וואָס איז אימפּאָנירנדיק, פול מיט ווירדע. די האַל-טונג ווי די מימישע באַוועגונגען, דריקן אויס עקשנות, זעלבסט-באַוווסטקייט, אַמביציע. זיי מאַכן אין אַלגעמיין דעם איינדרוק פון אַ „פּערזענלעכקייט". ס'איז, צווייטנס, כאַראַקטעריסטיש, וואָס אָט די אַזוי ווידערשפּעניקע קינדער זענען געהאַרכזאַם און פלייסיק, ווען זיי באַקומען ערגעץ-ווו אויפן גאַס, אין דער פרעמד, אַרבעט אויף אייגענער איניציאַטיוו און ריזיקע. זיי טראָגן זיך אַרום מיט פּלענער וועגן אייגענער אַרבעט פאַר זיך, גאַרן נאָך אַ פאַר-דינסטל, וואָס איז אַ סימבאָל פון אומאָפּהענגיקייט. דריטנס, ביי דער פאַנטאַזיע - אונטערזוכונג פון אַזוינע ייִנגלעך, דריקן זיי אויס אין די מעשהלעך טרוימען פון אַן אוואַנטוריסטישן זעלבסט-שטענדיקן אַרבעט-לעבן. פערטנס, האָבן מיר שוין דערמאָנט, דאָס

ביי אזוינע ייִנגלעך זענען די דערציער מייסטנס ארויסגעבראכט פון
גלייַכגילטיקייט, און רעדן אויפגערעגט וועגן אָט די „ווילדע״
ייִנגלעך.

אין אונדזער ווארשעווער בּאַראַטונג-שטעלע האָבּן מיר זיך
נישט איינמאָל אָנגעשטויסן אויף פאלן מיט העכערן דערציבּאַר-
קייט-עלטער. מיר פלעגן אזוינע פאלן בּאהאנדלען דורך צוויי מע-
טאָדן. ערשטנס — די אַסיסטענץ-מעטאָדע, ד. ה. מיר רעקאָמענדירן
די עלטערן און לערער סיסטעמאטיש אריינציען דעם בּאַטרעפנדיקן
ייִנגל אַלס מיטהעלפער אין זייער אַרבּעט. די דערציער דערציילן
אים פאַרטרויליך זייערע פּלענער, בּאַראָטן זיך מיט אים און גיבּן
אים לויט מעגלעכקייט וויכטיקע שליחותן און אויפגאַבּן. שוין די
אָנדייטונג, די אילוזיע פון אַן אַסיסטענט-פונקציע בּיים לערער,
קאָן זיין גענוג כדי צו הויבּן דאָס איינגעקלעמטע „איך״ פונם
ייִנגל און גיבּן אַ פּראָדוקטיוון אויסוועג פאַר זיין נאַטירלעך
זעלבּסט-געפיל. אין „בּאַדזשי מוראַט״ שילדערט טאָלסטאָי די
דערשיטערנדיקע איבּערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אינם ייִנגל,
ווען זיין אַנטלויפנדיקער פאָטער פארטרויט אים בּיים געזעגענען
זיך דעם שוץ פון זיין מוטער און לייגט ארויף אויף די ייִנגלשע
פּלייצעס דעם שיקזאַל פון דער פאמיליע. ווי זוייניק מיר ווייסן
נישט פון האַניבּאַלס קינדהייט, למשל, איז אָבּער איינס זיכער,
אז די שבועה, וואָס דער פאָטער האָט אים, נאָך אַ ייִנגל, בּא-
שוואָרן צו נעמען נקמה פאַר זיין פאָלק, האָט אין דעם קינד האַני-
בּאַל געוועקט דעם קינפטיקן העלד. דאָס זענען, פארשטייט זיך,
אויסנאַם-פאַלן. מ׳קאָן זיך אָבּער דורכדעם לייכטער פאָרשטעלן די
דערציערישע אויפטרייסלענדיקע ווירקונג פון דער אַסיסטענץ-מע-
טאָדע, אויבּ זי ווערט דורכגעפירט ערנסט, אומגעפעלשט, מיט פאַר-
טרויען און אַכטונג צום קינד.

די צווייטע מעטאָדע איז דער פּעדאַגאָגישער שייד-געריכט.
אין דער בּאַראַטונג-שטעלע ווערן דערציער און קינד אויסגעהערט
בּאַזונדער און צוזאַמען, אָבּער אויף אַ גלייכן אופן, ווי צוויי גלייכ-
בּארעכטיקטע צדדים. נאָכדעם דאַרף דער דאָקטאָר אין געמיינ-

זאמען שמועס מיטן קינד און דערציער פארמיטלען צווישןביידן און ארויסגעבן זיי ביידן גלייך אינסטרוקציעס. אין משך פון א געוויסער צייט, אן ערך אייניקע חדשים, באזוכט דאס קינד איינמאל אין א וואך די באראטונג-שטעלע, און ביי יעדן קאנפליקט אין שול אדער אין דער היים קומען ביידע „צדדים" אין דער באראטונג-שטעלע. אט די גלייכשטעלונג פון קינד און דערציער, דאס אוועקשטעלן זיי ביידן גלייך פאר א העכערער אינסטאנץ, די פאקטיש געגעבענע מעגלעכקייט פארן קינד צו אפעלירן (בנוגע דערציערישע קאנפליקטן און קריוודעס), צו זוכן און געפינען שוץ, קאנטראל און גערעכטיקייט — אט דאס אליין דערהויבט ביים קינד דאס אונטערדריקטע זעלבסט-געפיל און שאפט א רעכטלעכן אויסוועג פאר דעם אימפולסיוון ווידערשטאנד.

מיר ווילן איצט ברענגען צוויי אינטערעסאנטע פאלן פון אונדזער באארטונג-שטעלע.

22/2, אשר, 11,10 יאר פאלקשול-שילער 5-טע אפטיילונג.

די לערער קלאגן זיך אויף זיין אומדיסציפלינירטקייט, וואס שאפט פיל זארג און ערגער פאר די לערער און רודערט אויף דעם גאנצן קלאס. בשעת דעם אונטעריכט שטערט ער די לעקציעס, הויבט אויף א טומל אין קלאס, מאכט בלערליי שפיצלעך, טוט די לערער אויף צו להכעיס. דערביי איז ער פארביסן, אמביציעז און פארטראגט נישט קיין דיסציפלינירטע שטראף. ווען ער טוט, למשל, אפ א מיאוסן שפיצל און דער לערער הייסט אים דערפאר ארויסגיין פון קלאס, טוט ער (ביים ארויסגיין) האסטיק א קלאפ מיט דער טיר. ס'קומט אפט אין קלאס צו שווערע אינצידענטן, וואס ברענגען די לערער אין פארלעגנהייט. בשעת דער פויזע שפילט ער נישט מיט קינדער, טיילמאל שפילט ער עטלעכע מינוט און באלד שלאגט ער זיך. דאס שטענדיקע שלאגן זיך רופט ארויס א פיינטשאפט פון די חברים, וועלכע רופן אים מיט א שפאטישן צונעמעניש. פריער פלעגט אים דער צונעמעניש זייער אויפרייצן, די לעצטע צייט האט ער זיך צוגעוווינט. ער האט נישט קיין פריינט אין קלאס ,אין דער היים האט מען אים דערצויגן מיט שלאגן. פאטער און מוטער — ביידע שלאגן, די מוטער קנייפט אים

מייסטנס שטילערהייט. פאַרן פאַטער האָט ער מורא, נאָר פאַר דער מוטער האָט ער נישט קיין אַפּשיי, קריגט זיך מיט איר מייסטנס און פאָלגט זי נישט. שלאָגט דעם ייִנגערן ברודער, קומט עס אויך אין דער היים צו שווערע צוזאַמענשטויסן. אַזוי איז ער אין שול און אין דער היים אַרומגערינגלט מיט אומצופרידנהייט. אָט ווי ער אַליין דערציילט מיר וועגן אַ צוזאַמענשטויס אין קלאַס: „היינט האָט דער לערער מיר געמאַכט אַ באַמערקונג אין קלאַס, וואָס איך בין (בשעת דעם אונטעריכט) אויפגעשטאַנען פון באַנק און צו-געגאַנגען צום טאַפל. דער לערער זאָגט, אַז ער מאַכט מיר שוין וועגן דעם די דריטע באַמערקונג, און איך זאָג, אַז ס'איז בלויז די צווייטע. ווערט דער לערער אין כעס און הייסט מיך דערפאַר אַרויסגיין פון קלאַס. כ'ווייס, אַז איך בין גערעכט, און ביים אַרויסגיין האָב איך שטאַרק פאַרקלאַפּט די טיר. דערפאַר האָט דער לערער געהייסן מיך אַהיים גיין און היינט מער נישט אַריינקומען אין קלאַס. אין קאָרידאָר באַגעגנט מיך אַ מיידעלע און זאָגט מיר אַ שלעכט וואָרט. כ'בין אַזוי אויפגערעגט, אַז כ'וואַרף זיך אויף איר שלאָגן: ווערט ווייטער אַ סקאַנדאַל...״ — ווען מ'האָט אים אַרויסגעשיקט פון קלאַס, דערציילט מיר וועגן זעלבן אינצידענט דער לערער, האָט ער פאַרגעסן צו נעמען די ביכער. דער לערער האָט געבעטן אַ ייִנגל אין קלאַס, ער זאָל אים אַרויסטראָגן די ביכער. האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן: „גיי נישט אַרויס — ער וועט דיך שלאָגן״. — אָט די סצענע שילדערט קלאָר די גע-קרענקטע אַמביציע פונם ייִנגל, די פאַרקערטע ווירקונג פון שטראָף, און די אָנגעצויגענע שול-אַטמאָספער אַרום אים. דאָס נישט שפּילן זיך אין שול רופט אין אים אַרויס אַן אינערלעכע „ליידיקייט״. ער זעט אויס געלאַנגווײלט. דער פּריוואַט-לערער, וואָס וווינט מיט אים אין איין הויז און קאָן אים באַאָבאַכטן אין דער היים, דער-ציילט וועגן אים: „די לעקציעס אין דער היים פאַטערט ער אָפּ זייער גיך, פון די שול-שפּילערייען איז ער ווייניק וואָס דער-שעפּט, ס'בלייבט אים פיל ליידיקע צייט, ער האָט זיך נישט וווּ אַהינצוטון, שטיפט שטאַרק, שלאָגט דעם ייִנגערן ברודערל, מאַכט סקאַנדאַלן...״ דאָ זעט מען קלאָר, ווי דער שפּיל-דעפיציט ווערט

געדעקט דורך א נייראָטישער פּאַרטיפּונג פונעם אימפּולסיוון ווי־דערשטאַנד.

און אָט זענען איניקע פאַקטן, וואָס באַווייזן נאָך קלערער, אַז די אומנאָרמאַלע האַלטונג קומט דאָ בלויז מחמת דעם העכערן דערציבאַרקייט־עלטער. ער לערנט זיך גוט אין שול, איז קיינמאָל נישט געבליבן זיצן אין אַ קלאַס אויף אַן איבעריק יאָר. מ׳האַלט אים אין שול פאַר אַן אינטעליגענטן פעיקן יינגל. אַ חוץ דעם באַשריבענעם ווידערשטאַנד באַמערקן נישט אין אים די לערער קיינע אַנטי־סאָציאַלע נייגונגען. ער ווייזט אַרויס אַ שטאַרקן דראַנג צו זעלבסטשטענדיקייט. אַנומלט האָט אים איינער אין גאַס געבעטן אָפּטראָגן ערגעץ אַ פּעקל, האָט ער עס זייער גערן געטון און ווען ער האָט דערפאַר באַקומען צען גראָשן, איז ער געווען זייער שטאָלץ און גליקלעך אויף זיין „איינגענעם" פאַרדינסט.

פאַראיאָריקן זומער איז ער געווען אַ געוויסע צייט אין דער קינדער־סאַנאַטאָריע (מעדעם - סאַנאַטאָריע), ווו עס הערשט דער גייסט פון פרייער סאָציאַלער דערציונג, האָט ער זיך גלענצנדיק אויפגעפירט. די דערציער פון סאַנאַטאָריע האָבן אים באַצייכנט ווי אַ גוט דיסציפּלינירטן יינגל — ער איז געווען אין סאַנאַטאָריע זייער באַליבט סיי ביי די דערציער, סיי ביי די קינדער. די מעשה איז, וואָס אין סאַנאַטאָריע זענען די גרופּן אַזוי געטיילט, דאָס אין יעדער גרופּע קומען אַריין קינדער מיט אַן עלטער־אונטערשיד פון 3—2 יאָר. אַזוי אַרום האָט דאָ אשר געקענט געניסן די מער פּאַסנדיקע פאַר אים דערציונג־אַטמאָספער פון דרייצן - יעריקע. אַנומלטן ביי דער לויה פון אַ באַרימטן קולטור־טוער אין וואַרשע האָבן (לויט דעם באַשלוס פון די לערער) די עלטערע צוויי קלאַסן, דער זעקסטער און זיבעטער, געזאָלט גיין אין רייען נאָך דער לויה. אשר איז אין פינפטן קלאַס, דאָך איז ער אָן דערלויבעניש געגאַנגען צו דער לויה, ער איז אָבער געגאַנגען נישט אין די רייען, נאָר פון דער זייט, האָט זיך געפּרוווט אַרויסדרייען פון די לערער. אין דער באַראַטונג־שטעלע קומט ער גערן און פּינקטלעך, זיצט רויק און געדולדיק אין וואַרט־צימער, ענטפערט אויפריכטיק אויף סאַמע פערזענלעכע פראַגן און נעמט אָן דעם דאָקטאָרס עצות.

קורץ פאַרמולירט: דער יינגל איז פולשטענדיק נאָרמאַל אויפן גאַס צווישן פרעמדע, אין סאַנאַטאָריע, אין באַראַטונג-שטעלע, ער איז אָבער נייראָטיש אומדיסציפּלינירט אין שול און אין דער היים (היים-נייראָז), וועלכע זענען נישט צוגעפּאַסט פאַר זיין העכערן דערציבאַרקייט – עלטער און פירן דורך דעם אומדירעקט צו אַ קראַנק-מאַכנדיקן שפּיל-דעפיציט.

מיר האָבן רעקאָמענדירט דעם פאָטער און די לערער אָנצוּווענדן לויט מעגלעכקייט די אַסיסטענץ-מעטאָדע (מיר האָבן געגעבן וועגן דעם קאָנקרעטע אָנווייזונגען אין דעם אויבן באַשריבענעם זין). גליכצייטיק קומט ער יעדע וואָך אין דער באַראַטונג-שטעלע, אַמאָל מיט די דערציער, אַמאָל אליין (שייד-געריכט-מעטאָדע), געמיינזאַם ווערן באַהאַנדלט און אויפגעקלערט די פאַרשידענע קאָנפליקטן. דער פאָטער, וואָס שלאָגט אים אין דער היים, און די לערער, וואָס באַשטראָפן אים אין שול, — אַלע ווערן זיי גלייך ווי ער אויסגעפרעגט פונעם דאָקטאָר, און באַקומען גלייך ווי ער דערקלערונגען און אינסטרוקציעס פון דאָקטאָר. דער יינגל פילט זיך שטאַרק מונטער אין דער באַראַטונג-שטעלע.

אין אַ חודש אַרום נאָכן ערשטן באַזוך, 22/3, מעלדעט אונדז די שול-פאַרוואַלטערין: „די וואָך איז אַלץ געווען אין אָרדענונג, מיט זיינע לעקציעס איז ער 75 פּראָצ. בעסער. די וואָך איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס אָרדנער, ער פירט גוט אויס זיין פונקציע. יעדנפאַלס זעט זיך אַ שטאַרקע בעסערונג. אין קלאַס איז מיט אים פיל לייכטער. מיט די קינדער איז ביי אים פאָרגעקומען בלויז איין מאָל אַ צוזאַמענשטויס צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש...״

אויך דאָ מערקן מיר די אויבן דערמאָנטע (קאַפּ. 1) רעזידוּאַלע, שפּיל-עמפּינדלעכקייט: אַ געוויסע צייט קאָן נאָך וועלכע עס איז אויפרייצונג אַרויסרופן ביים יינגל אַן אויסברוך פון דער נישט לאַנג איינגעשטילטער אימפּולסיווישקייט. די מעשה איז, וואָס נישט אַלע לערער און נישט שטענדיק האָט מען ביי אים אָנגעווענדעט די אַסיסטענץ – מעטאָדע. טאַקע ביי יענעם לערער, וווּ די דאָזיקע מעטאָדע איז אַמווייניקסטן אָנגעווענדט, איז אין

אָנהויב מאי (אָן ערך אַנדערהאַלבן חדשים נאָכן ערשטן לערער-באַריכט) פאַרגעקומען אַ שווערער קאָנפליקט צווישן לערער און דעם יינגל. דער לערער האָט אים דאַמאָלס געהייסן אַרויסגיין פון קלאַס, און אויף צו להכעיס מאַכט ער כסדר אויף און צו די טיר.. ס'שאַפט זיך ,,ווידער'' אַן אָנגעצויגענע אַטמאָספער. די אַלע קאָנפליקטן ווערן פאַמעלעך אויסגעשעפּט, און זיין האַלטונג הויבט זיך אָן ווידער צו נאָרמאַליזירן. ס'האָט אויך דאָ מיטגעווירקט די הבטחה אויפצונעמען אים אויפן זומער אין אַ קינדער-לאַגער, ווו קינדער וווינען אין מיטן וואַלד אין אַ פרייען לאַגער מיט פול-שטענדיקער זעלבסט - פאַרוואַלטונג. שוין די הבטחה ווירקט אויף אים דערמוטיקנדיק.

צום שלום ברענגען מיר אַ פרייע פאַנטאַזיע פונעם יינגל לויט דער אומבאַגרענעצטער באַשטעל-מעטאָדע, ד' ה. ווען מען בעט אים צו דערציילן עפּעס אַ מעשהלע נישט באַגרענעצנדיק אים מיט דער טעמע

27/3, אַשר 11 יאָר 10 חדשים, מעשהלע (לויט דער אומבאַ-גרענעצטער באַשטעל-מעטאָדע).

אין אַ קליין שטעטל האָט געוווינט אַ גרויסע משפּחה. דאָרט האָט געוווינט אַ בחור פון 17 יאָר. ער האָט געוואָלט אַוועקפאָרן אויפן ים. ער האָט געהערט פון זיין באָבען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער ים. ער האָט געוואָלט אַוועקפאָרן, נאָר די עלטערן האָבן נישט געלאָזט, זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט דערטרונקען ווערן. ער איז געגאַנגען אין אַ קליין שטעטעלע אריין. דאָרט האָט ער שוין געקענט אַ סך מענטשן. פון דאָרט איז ער אַוועקגעפאָרן אין אַ גרויסן פאָרט. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ סך מענטשן, מען האָט אים איינגערעדט, ער זאָל ווערן אַ מאַטראָז אויף אַ שיף, וועלכע וועט אין צוויי וואָכן אַרום פאָרן אויפן אַטלאַנטישן אָקעאַן. איז ער געפאָרן אויף אַ שיף ,,בייקאַ''. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אינזל. דאָרט האָבן זיי אַראָפּגע-לאָזט די סחורה, וועלכע זיי האָבן מיטגעפירט מיט זיך. פון דאָרט זענען זיי געפאָרן ווייטער. ס'האָט זיך אים אָבער פאַרגלוסט צו פאָרן צו די עלטערן. איז ער אַוועקגעפאָרן אין דעם קליינעם

שטעטל, און דערנאָך אין דערפֿל. דער פֿאָטער האָט זיך שטאַרק געפֿרייט, די מוטער האָט שוין נישט געלעבט.

אין דער געבראַכטער מעשהלע שפּיגלען אָפּ די פֿאַנטאַזיע-בילדער די עמאָציאָנעלע שטרעבונגען צו פֿאַרהאַנטוואָרטלעכער און אונטערנעמערישער זעלבשטענדיקייט. דער 17-יאָריקער העלד רייסט זיך אַרויס פֿון די ענגשטלעכע עלטערן אויפֿן ווייטן ים. ער איז אָבער נישט סתם אַן אַוואַנטוריסט, נאָר אַן ערנסטער אַרבע-טער — ער באַקענט זיך מיט אַ סך מענטשן, לאָזט זיך איינ-רעדן צו ווערן אַ מאַטראָז, וואָס לאָזט אַראָפּ סחורה אויף הקם אינזל א. אז. וו. דער ענד־מאָטיוו ווייזט, ווי ווייט ס'גייען זיינע פֿאַרביטערטע קריגערייען מיט דער מוטער.

מיר וועלן איצט גאַנץ קורץ באַשרייבן נאָך איין אינטערע-סאַנטן פֿאַל פֿון אונדזער באַראַטונג-שטעלע.

24.4.34, יחיאל, 12,3 יאָר, פֿאָלקשול-שילער, 4-טע אָפּ-טיילונג, קומט מיטן פֿאָטער אין באַראַטונג־שטעלע. דער פֿאָטער איז שטאַרק אויפֿגעבראַכט אויפֿן יינגל, וועגן וועלכן ער דערציילט מיט אַן אויפֿגערעגטן טאָן די סאַמע שרעקלעכסטע זאַכן. שוין פֿון די פֿריסטע קינדער-יאָרן זאָל ער האָבן אַרויסגעוויזן סימנים פֿון ווילדקייט. שוין זייער פֿרי האָט דער פֿאָטער אים אָנגעהויבן שלאָגן. צו 7 יאָר, למשל, פֿלעגט ער אַריינפֿאַלן אין כעס, ווען די מוטער פֿלעגט אים נישט וועלן נאָכגעבן, פֿלעגט ער מאַכן סקאַנ-דאַלן, טון אויף צו להכעיס. צו 6 יאָר גיט מען אים אָפּ אין אַ חדר, ער קאָן זיך אָבער אין קיין חדר לאַנג נישט האַלטן. צו 8 יאָר גיט מען אים אָפּ אין אַטוואָצקער אַנשטאַלט פֿאַר שווער-דער-ציִבאַרע קינדער. דאָרט איז ער געווען 8 חדשים און האָט זיך גוט אויפֿגעפֿירט. ווען ער איז געקומען פֿון דאָרט אַהיים, האָט ער זיך אַרום 6 וואָכן אויך אין דער היים גאָר גוט אויפֿגעפֿירט. ערשט שפּעטער הייבט ער ווידער אָן ווערן ווילד. וואָס מער דער פֿאָטער שלאָגט אים, אַלץ מער טוט ער צולהכעיס. מ'גיט אים אין חדר, קאָן ער זיך דאָרט נישט האַלטן. גיט מען אים אָפּ אין אַ גמינע-שול, לערנט ער דאָרט אויך שלעכט, ער האָט נישט קיין געדולד

(זאָגט ער) צו העברעיש, קומט ער אָן אין א יידישער פאָלקשול, ווו ער איז שוין זייט עטלעכע חדשים. אָבער אויך דאָרט לערנט ער שלעכט, מ'מאַכט זעלטן לעקציעס, ווייל נישט פאָלגן.

אין דער זעלביקער צייט ווייזט ער אָבער ארויס גרויס פליס ביי זעלבשטענדיקער פאַרדינסט-אַרבעט. ביי די שכנים, למשל, טראָגט ער גערן פעקלעך און באַקומט דערפאַר עטלעכע גראָשן. ער רייסט זיך צו גיין צוויי אַ זייגער פאַרטאָג אין גרינעם מאַרק, מיטהעלפן דעם שכן טראָגן דאָס גרינס. דאַקעגן פאַר דעם פאָטער וויל ער בשום-אופן נישט עפּעס אוועקטראָגן. זיינער אַן עלטערער חבר דערציילט דער לערערין, אַז יחיאל וויל נישט גיין אין שול, ווייל ער דאַרף גיין צו אַרבעט און וויל ווערן „זעלבשטענדיק". אָט דער דראַנג צו ווערן זעלבשטענדיק מאַכט פאַר אים אָפּ-שטויסנדיק היים און שול, וואָס נעמען נישט גענוג אין אַכט זיין העכערן דערציבאַרקייט-עלטער און ווערן פאַר אים אַ שווערער יאָך.

מיר רופן אריין דעם יינגל און הויבן אָן מיט אים אַ פרייען שמועס. ער קלאָגט זיך, אַז דער פאָטער שלאָגט אים, שרייט אויף אים און זידלט. צווינגט אים מיט געוואַלד צו דאַווענען. די שוועסטער און ברודער דערציילן אַלעמען, אַז ער מאַכט נישט קיין לעקציעס (דערביי ווערט ער רויט), „דענער-ווירט" ער זיך און שלאָגט זיך מיט זיי. די שול האָט ער ליב, נאָר ס'טרעפט זיך, אַז ער מאַכט נישט קיין לעקציעס, גייט ער דאַ-מאָלס נישט. „כ'וואָלט געמאַכט די לעקציעס אין אַ „שווייטלי-צע", ערגעץ-ווו, אָבער נישט אין דער היים". שפּעטער דערוויסן מיר זיך, אַז אין שול איז דער זייער אמביציעזער יינגל אויפפאַ-לענדיק פאַר די חברים מיט זיינע געלע האָר, מ'רופט אים שפּאָ-טישע צונעמענישן, ווי „געלער גנב", „געלער קאַנאַרעק". ווי אינעם פריערדיקן פאַל האָבן מיר דאָ דאָס זעלביקע בילד: דאָס שטענדיק געשלאָגענע יינגל אין דעם חיים גאַרט נאָך זעלבשטענ-דיקייט, האָט אַ העכערן דערציבאַרקייט-עלטער, ס'איז אים ענג אין שול, ער „דענערווירט" זיך און שלאָגט זיך מיט די ארומיקע. מיט די קינדער, וועלכע פאַרפאָלגן אים מיט צונעמענישן, ער

שפילט נישט מיט די קינדער, — קומט עס צו א קראנקמאכנדיקן שפיל־רעפּיציט.

איך רוף אריין דעם פאָטער. ביידע, פאָטער און זון, זיצן ביים טיש, כ׳דערקלער זיי די סיטואציע, גיב זיי ביידן גלייך אינס־טרוקציעס: דער פאָטער דאַרף אים מער נישט שלאָגן, קיינער טאָר זיך מער נישט אריינמישן צום יינגל, נאָר מיט אָנקלאָגעס דאַרפן זיך אלע ווענדן אין דער באַראַטונג־שטעלע — סיי די עלטערן, סיי דער ברודער, סיי דער יינגל אליין. זיי נעמען אָן (נאָך א געוויסער דערקלערונג) מיין אינסטרוקציע. אָבער דער פאָטער איז זייער איבעראַשט. צום ערשטן מאָל אין לעבן ווערט ער געשטעלט אויף איין ברעט מיט דעם יינגל, ווי גלייכע צדדים. זיי גייען ביידע ארויס דורך דער טיר שווייגענדיקע, נישט קוקנדיק איינער אויפן צווייטן.

נאָך דעם באַזוך ווערט אין דער היים די אַטמאָספער אין א גרויסער מאָס באַרואיקט. אָבער אין עטלעכע וואָכן ארום פּאַסירט עטוואָס אומגעריכטס. דער פאָטער קומט אליין אין באַראַטונג־שטעלע א דערשלאָגענער. ער דערציילט אויפגערעגט אָט וואָס: אַנומלט איז דער יינגל אָן קיינעמס וויסן אוועק מיט א חבר צו־פוס ערגעץ אין א ווייטער פאַרשטאָט צו זייערן א קרוב און איז אויף מאָרגן געקומען פון דאָרטן צופוס אהיים. די לעצטע טעג האָט דער יינגל נאָר אויפגעהערט גיין אין שול. ער וויל אויך איצט נישט גיין מער אין דער באַראַטונג־שטעלע. דאָך אין עטלעכע טעג ארום קומט צו אונז דער יינגל מיט דעם פאָטער. עס הויבט זיך אָן אזא מין דיאַלאָג צווישן מיר און דעם יינגל.

צוערשט קלאָגט ער זיך:

— דער פאָטער האָט נישט געהאַלטן קיין וואָרט, ער האָט זיך כסדר געמישט אין מיין דאַווענען, מיך געשלאָגן....

— און דו האָסט געהאַלטן וואָרט?

ער שווייגט. נאָך עטלעכע מאָל איבערפרעגן, ענטפערט ער שטיל:

— כ׳האָב נישט געהאַלטן קיין וואָרט, כ׳בין נישט געגאַנגען אין שול.

— פארוואס? וואס האט אזוינס פאסירט?

ער שווייגט נאך א שטיקל צייט. ענדלעך פלאצט ער אויס אין א געוויין. די ווערטער שטיקן זיך ביי אים אין האלדז. וויינענדיק דערציילט ער אט וואס: אין שול האט מען פארשפרייט א קלאנג, אז מ'האט אים „געפירט" אין א קליניק פאר משוגעים. האבן אים אלע אנגעהויבן רופן „משוגענער". זיינע א קוזינקע, וואס גייט מיט אים אין דער זעלביקער שול, האט עס דערציילט אויפן הויף, האט מען זיך דארט אנגעהויבן רייצן מיט אים. ער האט עס נישט געקענט איבערטראגן און אויפגעהערט צו גיין אין שול. איך רוף די לערערין, און געמיינזאם (מיט איר און מיטן יינגל) באהאנדלען מיר די סיטואציע. אויף מיין פארשלאג האט די לערערין געהאט אן אויפקלערנדיקן שמועס (זע קאפ. 4) מיטן קלאס, ס'האבן זיך איינגעשטעלט באלד גוטע באציונגען. יחיאל האט אנגעהויבן גיין אין שול, ער לערנט זיך גוט, מאכט די לעקציעס. ער זאגט, אז ער פילט זיך איצט גוט אין שול. „די קינדער, וואס פלעגן מיך איבערופן, זענען צו מיר איצט אמבעסטן", „קיין צונעמענישן רופט מען מיך נישט, מיטן פאטער איז שלום, מיט די ברידער איז אויך גוט." די לערערין האט אים געזאגט, אז מעגלעך, ס'זאל זיין פאר אים אן ארט אין זומער-קאלאניע. ווי די אידייע פונעם לאגער ביי אשרן, לאקט אויך און בארויקט יחיאלן די אידייע פון א זומער-קאלאניע, ווו ער וועט פריי ווערן פון דעם היים שול-צוואנג און וועט לעבן אומגעשטערט צווישן חברים אויף דער פריי, אין א סביבה מער צוגעפאסט פאר זיין העכערן דערציבארקייט-עלטער.

קאפיטל 6.

# „אומדיסציפּלינירטע“ קינדער

(אומנאָרמאַלער שפּיל־דראַנג אין דער שפּיל־קוואַטיענט).

דער אומשטאַנד, וואָס מ'האָט ביז אַהער ווייניק איינגעזען דעם אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג צווישן שפּיל און נייראָז ביי קינדער, האָט געבראַכט דערצו, דאָס ביידע, שפּיל און נייראָז, קינסטלעך איזאָלירט, האָבן נישט געקענט געגוג פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט ווערן. דאָס זעט מען באַזונדער שאַרף בנוגע דער קאַטעגאָריע פון די אַזוי גערופענע „אומדיסציפּלינירטע“ קינדער. כמעט יעדן דער־ציער קומט אויס אָנצושטויסן זיך אויף אַזוינע קינדער, וואָס זענען אינטעלעקטועל פעיק, נאָר דורך זייער אומגעצוימטער ווילדקייט שטערן זיי פאַטאַל די אָרדענונג און מאַכן שוועריקייטן דער דער־ציונג. ביי היינטיקן טאָג איז די נאַטור פון אַזוינע קינדער נאָך זייער ווייניק אויפגעקלערט. בינע רופט זיי „אומדיסציפּלינירטע“ קינדער, ביי די דייטשע אויטאָרן הייסן זיי מיט דעם מער אַלגע־מיינעם נאָמען „שווער־דערציבאַרע“. ווידער אַנדערע אויטאָרן באַ־צייכענען די „אומדיסציפּלינירטקייט“, ווי אַ „פּסיכישע כאָרעאַ“. נישט נאָר די באַצייכענונג, נאָר אויך די כאַראַקטעריסטיק פון אָט די קינדער, זענען ביי פאַרשידענע אויטאָרן גאַנץ פאַרשידן און שאַפן אַ געוויסן פּלאָנטער*). הויפּטזאַכלעך אָבער איז די „אומדיסציפּלי־נירטקייט“ נישט אַ נערוועזיטעט פאַר זיך, נאָר אַ סימפּטאָם, וואָס קומט פאָר ביי סאַמע פאַרשידענע קאַטעגאָריעס קינדער. מיר האָבן אויבן געזען, דאָס ביי דעם העכערן שפּיל־עלטער, אויך ביים העכערן דערציבאַרקייט־עלטער, ווי אויך ביי פאַטאַלע סאָציאַלע איינגעשאַפטן, קאָן דער אַרויפגעצוואונגענער שפּיל־דעפיציט ברענגען צו אימפּול־

---

*) זע מיין בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער־לעבן“ טייל 4, קאַפּ. 21 (דאָרט איז אויך אָנגעגעבן די ליטעראַטור צו דער פראַגע).

סיזוער ווילדקייט, צו אומדיסציפּליניִרטקייט. דער אמת איז אָבער, אַז צו דער אייגנטלעכער גרופּע פון אומדיסציפּליניִרטע קינדער דאַרף מען רעכענען נאָר אַזוינע, וואָס זייער אומנאָרמאַלע האַלטונג לאָזט זיך נישט דערקלערן דורך וועלכער ס'איז סיבה. אַזוינע קינדער זענען טאַקע דאָס שווערסטע פּראָבלעם אין דער דערציִונג, וואָרום ווי באַלד מ'ווייסט נישט די סיבה און דאָס וועזן פון דער אומדיסציפּליניִרטקייט, ווייסט מען דאָך נישט ווי עס צו באַיינפלוסן. און טאַקע דאָ וועלן מיר זען, דאָס די גענויע באָאַבאַכטונג פונעם שפּיל-לעבן ביי אַזוינע קינדער גיט אונדז אַ וויכטיקע אויפקלערונג פונעם גאַנצן פּראָבלעם.

דערמאָנען מיר, דאָס דער בעלגישער געלערנטער, דעמאָר, האָט געפּרוּווט געבן אַ גענויערע כאַראַקטעריסטיק פון די דערמאָנטע קינדער. ער באַצייכנט זייער אומדיסציפּליניִרטקייט ווי אַ „פּסיכישע כאָרעאַ", וואָס ער כאַראַקטעריזירט דורך אַזוינע אייגנשאַפטן ווי: צעשטרייטקייט (אומקאָנצענטרירטקייט), שוואַכקייט פון ווילן און קרענקלעכע באַוועגלעכקייט. אָט די כאַראַקטעריסטיק, וואָס איז די איינציקע גענויע פאָרמולירונג, ווערט אָבער אָפּגעפרעגט דורך די באַשיינפערלעכע פאַקטן, וועלכע מען טרעפט ביי אָט די אומדיסציפּליניִרטע קינדער, ווען מען אָבסערווירט גענוי זייער פאַנטאַזיע און שפּיל. ערשטנס, דערציילט מען אַזוינע קינדער אַ מעשהלע, ווערן זיי אינגאַנצן פאַרכאַפּט. נישט נאָר די געוויינטלעך צעשטרייטע אויפמערקזאַמקייט, נאָר אויך די געפילן און באַוועגונגען ווערן קאָנצענטריִרט אינעם טיפן אינטערעס. מאַנכע רופן עס אומווילקירלעכע אויפמערקזאַמקייט. באמת אָבער איז דאָ די אויפמערקזאַמקייט גאָר נישט אומווילקירלעך. די דערמאָנטע קינדער גאָרן באַוווסטזיניק נאָך שיינע מעשהלעך, ווייזן דערביי גרויס איניציאַטיוו און אַקטיווען אינטערעס. צווייטנס, אויך ביי אַנטשפּרעכנדיק פרייע שפּילן ווערן די דערמאָנטע קינדער פאַרכאַפּט. נישט נאָר קאָנצענטרירן זיי אַלע כחות און אימפּולסן אינעם שפּיל, נאָר זיי ווערן מייסטערס פירער און טאָנגעבער אין דער שפּיל-גרופּע. דריטנס, אין באַראַטונג-שטעלע פאַרהאַלטן זיך אַזוינע קינדער רואיק, ענטפערן געלאַסן אויף דעם דאָקטאָרס פראַגן, זענען אַפילו עטוואָס פאַרשעמט, צוריקגעהאַלטן.

די באַראַטונג-שטעלע, ווי אַן אומגעוויינטלעך נייע סיטואַציע, רופט אַרויס (ווי שפּיל און מעשׂהלע) גרויס נייגיר און אינטערעס, וואָס קאָנצענטרירן אויפמערקזאַמקייט, געפיל און מאָטאָריק. די אומדיסציפּלינירטע קינדער, הייסט דאָס, ווייזן אַרויס זייער אומנאָרמאַלע האַלטונג אין שול און אין דער היים, אָבער נישט אין דער פּרעסט, צווישן דערוואַקסענע, ווי אין דער באַראַטונגשטעלע (נייראָז AB אָבער נישט D ).

די אַלע באַשריבענע פאַקטן ווייזן, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַן אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-אינסטינקט, וואָס ווערט געזעטיקט און קאָנצענטרירט נאָר ביי אַנטשפּרעכנדיק שטאַרקע שפּיל-איבערלעבענישן. ביי געוויינטלעכע אומשטאַנדן ווערט אָבער דער צו גרויסער שפּיל-אינסטינקט נישט באַפרידיקט, און דער איבערגעלאָדענער שפּיל-דראַנג עקספּלאָדירט אומאויפהערלעך אין אומפּולסיווע באַוועגונגען און אויסברוכן. די אומדיסציפּלינירטקייט איז אויף דעם אופן אַ רעזולטאַט פון דעם דיסאָנאַנס צווישן דעם אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-אינסטינקט און די נאָרמאַלע שפּיל-מעגלעכקייטן פון שול, סיי די דערציונג אין שול, סיי די דערציערישע אַטמאָספער אין דער היים, זענען דאָך אויסגערעכנט אויף דעם נאָרמאַלן שפּיל-אינסטינקט פון די מייסטע קינדער. און דערפאַר קאָנען זיך ביי דער נאָרמאַלער דערציונג נישט איינלעבן קינדער מיט אַן אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-אינסטינקט, וואָס פירט דורכדעם צו עקספּלאָזיווע אויסלאָדונגען. מיר האָבן דאָ צו טון נישט מיט אַ העכערן שפּיל-עלטער, ווי מיר האָבן עס אויבן באַשריבן, נאָר מיט אַן אַנדערש-אַרטיקער שפּיל-לײַדנשאַפט, וואָס פאַרלאַנגט אַן אַנטשפּרעכנדיק אַנדערע שפּיל-אַטמאָספער, ווי די פון דער נאָרמאַלער שול*). אַ ייִנגל מיט אַ העכערן שפּיל-עלטער ווערט נאָרמאַליזירט, ווען ער ווערט געבראַכט צווישן עלטערע קינדער אין דער זעלביקער שול, האָט אָבער דער ייִנגל אַן אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-אינסטינקט, קאָן ער זיך בכלל נישט צופּאַסן צום טעמפּ און כאַראַקטער פון אַ נאָרמאַלער שול-אַטמאָספער.

שוין ביי דערוואַקסענע האָבן מיר געקענט פעסטשטעלן, דאָס

---

*) זע „חלום און שפּיל”, טייל 4, קאַפּ. 3.

יעדער מענטש האט זיין שפיל-קוואטיענט, ד. ה. זיין אינדיווידועלן שפיל-באדארף, וואס איז ביי יעדן איינעם פארשידן לויט גראד און כאראקטער. ס׳זענען אבער פאראן אויסנאם-מענטשן מיט אזא אומנארמאל גרויסן שפיל-באדארף, אז דער געוויינטלעכער לעבנס-שטייגער קאן זיי נישט באפרידיקן. און אויב זיי האבן נישט קיין מעגלעכקייט אויסצולעבן אויף א סאציאל-פראדוקטיוון אופן זייער צו-גרויסן שפיל-דראנג, ווערט דער שפיל-דעפיציט געדעקט דורך נערוועזישקייט, אלקאהאליזם, אזארט-שפיל אדער אנטי-סאציאלע אימפולסן (אפהענגיק פון נאטור און דערציונג). ווי קינדער מיט אומנארמאלן שפיל-דראנג שטערן די אומצוגעפאסטע פאר זיי נארמאלע שול-ארדענונג און זענען אומדיסציפלינירט אגרעסיוו, אזוי שטערן אויך די דערוואקסענע אויסנאם-נאטורן די אומצוגעפאסטע פאר זיי נארמאלע געזעלשאפט-ארדענונג און ווערן אנטי-סאציאל. ווי יענע אומרואיקע קינדער ווערן קאנצענטרירט דורך אן אנטשפרעכנדיק שטארקער שפיל-איבערלעבעניש, אזוי ווערן די געפאלענע אויסנאם-נאטורן דערהויבן, ווען ס׳קומט אין זייער סאציאלן אדער פריוואטן לעבן אן אנטשפרעכנדיקע געלעגנהייט פון גייסטיקן אויפשוווּנג. אט אזוינע מענטשן רופט מען געוויינטלעך אין לעבן „שטורמישע מענטשן”, „לײדנשאפטלעכע נאטורן”, מיר באצייכענען זיי (ווי מיר וועלן ווייטער דערקלערן) אלס „ספערישע מענטשן”.

אויך ביי קינדער קאן מען באאבאכטן, דאס יעדעס קינד האט זיין אינדיווידועלן שפיל-באדארף (שפיל-קוואטיענט), וואס האט ביי יעדן איינעם א באשטימטן גראד און כאראקטער. די ווונדערלעכע קאנסטרוקציע פונעם גרופן-שפיל איז טאקע אזא, וואס לאזט יעדן קינד אויף זיין שטייגער שפילן. די קינדער אין שול שפילן אין פארשידענע גרופעס, און אין יעדער גרופע זענען פאראן פארשידענע ראליעס, וואס יעדעס קינד קאן נאך ווידער אויף זיין מאניר ניואנסירן (שפיל-ניואנסן). אזוי גיט די שול א מעגלעכקייט יעדן קינד דורך פרייען אויסוואל פון גרופע, ראליע און שפיל-מאניר צו באפרידיקן זיין אינדיווידועלן שפיל-באדארף. די שול איז אבער אויסגערעכנט אויף דעם שפיל-קוואטיענט פון די מייסטע קינדער מיט זייערע „נארמאלע” אינדיווידועלע דיפערענצן. ווען א קינד האט

אָבער אַן אומנאָרמאַל-גרויסן שפּיל-דראַנג, אַן אַנדערש - אַרטיקן שפּיל-טעמפּ ווי די מייסטע קינדער, איז אים שווער צו געפינען אין דער נאָרמאַלער שולע אַ פּאַסנדיקע גרופּע אָדער ראַליע, ממילא וועט ביי אַזאַ קינד דער איבערגעלאָדענער שפּיל-דראַנג כסדר עקספּלאָדירן אין נייראָטישע אָדער „אומדיסציפּלינירטע" האַנדלונגען. דאָס זענען ספּעצישע" קינדער-נאַטורן.

זייער אַפּט ווערן „אומדיסציפּלינירטע" קינדער אין די שפּע-טערע רייפע יאָרן אויסנאַם-מענטשן. אין פילע פאַלן אָבער בילדן די קינדער-יאָרן אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט פאַר זיך. ס'פּאַסירט נעט-לעך, דאָס די שפּעטערע אויסנאַם-מענטשן זענען אין די קינדער-יאָרן געצווימט און באַהערשט דורך דעם דרוק פון שול און דער-ציונג, נאָר שפּעטער, ווען זיי ווערן זעלבשטענדיק, קומט אומגע-שטערט צום פולן אויסדרוק זייער שטורמישע נאַטור. אָדער פאַר-קערט, מיט די קינדער-יאָרן קומט און גייט דער שטורמישער דראַנג, וואָס ווערט מיט דער צייט אויסגעלעבט און נאָרמאַליזירט זיך אַלץ מער אין די רייפערע יאָרן אונטער דעם וואַקסנדיקן דרוק פונעם זעלבשטענדיקן לעבנס-קאַמף. יעדנפאַלס האָט דער אומנאָרמאַלער שפּיל-דראַנג אין די קינדער-יאָרן זיין אייגענעם כאַראַקטער.

מיר וועלן איצט שילדערן צוויי אינטערעסאַנטע פאַלן פון אונדזער באַראַטונג-שטעלע, וועלכע וועלן ערשט קלערער מאַכן די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען.

15/3—34, לייזער, 9 יאָר, פאָלקשול-שילער, 3. אָפּטיילונג, ער איז ביזאַהער יעדעס יאָר איבערגעגאַנגען פון איין קלאַס אין אַנדערן. די לערערין איז נישט תמיד זיכער מיט זיינע קענטעניש —— „אָפט ענטפערט ער גוט (לויט דער לערערינס אויסדרוק), אין דורכ-שניט קאָן ער". ער איז אָבער זייער אומרואיק. אין שול רופט מען אים „דער דונער", ער שרייט, ער רודערט, ער באַנעמט זיך איז קלאַס זייער ווילד, קלאַפּט מיט די פעדער-קאַסטנס. ווען מ'מאַכט אים אויפמערקזאַם, זאָגט ער, אַז ער האָט זיך פאַרגעסן און וועט עס מער נישט טון. אָבער ס'דויערט נישט לאַנג און ער רודערט ווידער. ער איז פיזיש זייער שטאַרק, אימפּולסיוו. ער זיצט לעבן אַ רואיק מיידעלע, אָבער ער פירט זי אַרויס פון געדולד. זי זאָגט:

„לערערין, כ'האָב שוין נישט קיין כח — מיין אויער איז שוין טויב (פון זיינע געשרייען)". מיט וועמען ער זיצט, שלאָגט ער זיך. אין שול זענען פאַרבאָטן ווילדע שפּילערייען, ווי באַדמינטאָן-שפּילן א. ד. גל. אָבער לייזער קאָן זיך דעם פאַרבאָט נישט אונטערוואַרפן. אין וואַש-צימער האָט ער ליב צו באַשפּריצן די ווענט מיט וואַסער, יעדן טאָג זענען פון אים פאַרשפּריצט די ווענט. פון אַ פּריוואַטער שול האָט מען אים שוין אויסגעשלאָסן, דאָ רעכנט ער זיך אָבער מיט דער לערערין, ער זאָגט איר צו זיך צו בעסערן, ער איז שוין געוואָרן פיל בעסער, ווי ער איז געווען פריער. פאַנטאַזירנדיק זאָגט ער אָפט ליגנס. ער גלויבט אָבער אַליין אין די אויסגעטראַכטע גוזמאות. ער האָט, למשל, דערציילט, אַז זיין טאַטע האָט געקויפט אַן אויטאָ פאַר עטלעכע הונדערט זלאָטעס, האָט ער גענומען דעם אויטאָ און איז מיט אים אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ וואַרשע. אין די קינדער־קאָמיסיעס פירט ער אויס די אַרבעט. ער שפּילט זיך גאַנצע טעג מיט די קינדער, איז אָפט אַ פירער אין די שפּילן, ער צייכנט זייער שיין. ווייזט אַרויס צום צייכענען באַגאַבונג און שטאַרקן אינטערעס. ער לייענט אַ סך מעשות. ווען די לערערין דערציילט אַ מעשהלע, ווערט ער רויט (פון התפּעלות) און הויבט אָן קלאַפּן מיט די הענט און די פיס. אין באַראַטונג-שטעלע זיצט ער רואיק, ענטפערט דעם דאָקטאָר געלאַסן.

34—29/3, יאָסל, 8½ יאָר, פאָלקשול-שילער, 2. אָפּטיילונג, לערנט זיך דורכשניטלעך גוט, איז אָבער אומרואיק, קאָן נישט איינזיצן אין קלאַס, איז אומקאָנצענטרירט, צעשטרייט אַפילו ביים עסן; צו מיטאָג וואַרפט ער זיך אַנידער אויפן שטול און עסט „ווילד", שרייענדיק, בשעת דער לעקציע טוט ער מיט די הענט אַנדערע אַרבעטן, ליאַרעמט, ער פאַרענדיקט נישט קיין שום אַרבעט, קאָן נישט אויספירן די אַרבעטן אין די קינדער-קאָמיסיעס, ער איז שטורמיש, ווילד אויפברויזנדיק, שלאָגט קינדער. מעג ער אָבער זיין ווי צעשטרייט, דערציילט מען אַ מעשהלע, הערט ער זייער רואיק און אויפמערקזאַם. „ער איז זייער שעפעריש אין שפּילן", זאָגט וועגן אים די לערערין, ער אָרגאַניזירט, קאָמבינירט, ער איז חבריש, ער שפּילט „עכט-יינגלישע" שפּילן (לויט דער לערערינס אויסדרוק), ער איז דער

פּאַליציאַנט, ער שלאָגט, לויפט... אין דער באַראַטונג־שטעלע זיצט ער רואיק, די הענט אויף די קני, שמייכלט.

אין בײדע פאַלן האָבן מיר די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון שטאַרקע שפּיל־נאַטורן, וואָס קאָנען זיך נישט איינלעבן אין דער צו „סאָלידער" פאַר זיי שול און שטערן דאָרט די אָרדענונג מיט עהקספּלאָזיווער אויפבּרויז. זיי זאָגן צו דער דערציערין צו ווערן רואיקער, „פאַרגעסן" אָבער אַלע ווײלע און קאָנען קוים באַהערשן דעם איבערגעלאָדענעם שפּיל־דראַנג. דערפאַר ווערן זיי מיטאַמאָל רואיק און קאָנצענטרירט דורך אַן אַנטשפּרעכנדיק שטאַרקער ווירקונג אויף זייער פאַרשמאַכטער שפּיל־פאַנטאַזיע. שטענדיק צעשטרייט און ווילד־באַוועגלעך, ווערן זיי אָבער בײדע רואיק און קאָנצענטרירט אין דער נייער פאַר זיי איבעראַשנדיקער סיטואַציע פון דער באַראַטונג־שטעלע (נייראָז AB אָבער נישט D). בײדע ווייזן אַרויס לײדנשאַפטלעכע קאָנצענטראַציע בשעת דער שפּיל, ווו זיי זענען אַפילו אָרגאַניזירנדיקע פירער, בײדע הערן לײדנשאַפטלעך מעשהלעך. ס'זענען אָבער דאָ זייער באַלערנדיקע אינדיווידועלע דיפערענצן. דער ערשטער האָט אַ באַגאַבונג צום צייכענען, וואָס ווירקט אויף זיין פאַנטאַזיע, און דערפאַר קאָן ער, דער „דונער", — דער אומרו פון קלאַס, אויפברענגען יענע טיפע קאָנצענטרירונג פון אויפמערקזאַמקייט און באַוועגונג, וואָס איז נויטיק ביים צייכענען. אָבער ביים מעשהלע הערן איז ער נאָך פון התפּעלות זייער ווילד־באַוועגלעך, קלאַפּנדיק מיט די הענט און פיס. דער אַנדערער ווערט טיפער פאַרכאַפּט פון מעשהלעך, וואָס רופן ביי אים אַרויס די זעלבע קאָנצענטרירונג, ווי ביים ערשטן דאָס צייכענען. און נאָך אַ זאַך: דעם ערשטן לאָזט מען נישט אין שולע שפּילן אין די „עכט ייִנגלשע שפּילן", ער קאָן זיך דעם פאַרבאָט נישט אונטערוואַרפן, איז ער אין קלאַס ווי אַ „דונער", אין וואַש־צימער באַשפּריצט ער ווילד די ווענט. ביים צווייטן זענען אין שול יענע שפּילן נישט פאַרבאָטן. איז ער אין קלאַס אומרואיק, אָבער נישט קיין „דונער". האָך פירט אויס דער „דונער" די אַרבעטן אין די קאָמיסיעס, דער צווייטער טוט עס נישט ,דערפאַר איז ער אָבער זייער שפּעריש אין די שפּילן. קורץ פאָרמולירט: אָפּהענגיק פון באַגאַבונג און דערציִונג,

וועט דער שטורמישער שפּיל-דראַנג האָבן בײַ יעדן קינד זײַנע אײגענע וועגן פון עקספּלאָזיע און קאָנצענטרירונג. כדי צו פאַרהיטן פון נײראָטישע עקספּלאָזיעס, וועט אין יעדן אײנצלנעם פאַל דער איבער-געלאָדענער שפּיל-דראַנג מוזן דערציערישער באַפרידיקט ווערן דורך אינדיווידועל פּאַסיקע שפּיל-געלעגנהייטן.

מיר האָבן שוין אין אַן אַנדער אָרט געזען*), דאָס בײַ „אומ-דיסציפּלינירטע" קינדער קאָן אין געוויסע פאַלן דער גרויסער שפּיל-דראַנג האָבן אַ גאַנץ ספּעציפישע ריכטונג. ס'זענען פאַראַן, למשל, אומרואיקע קינדער, וואָס האָבן אַזאַ גרויסע וואַנדער-זוכט (וואַנדער-קינדער), אַז זײ קאָנען נישט פאַרטראָגן דאָס צו לאַנגווײליקע פאַר זײ זיצן אויף אײן אָרט אין דער שול. זײ לויפן אַוועק פון דער הײם, פון דער שול, מ'טרעפט זײ אויף ווײטע באַן-סטאַציעס, מ'קערט זײ אום צוריק מיט געוואַלד, מ'קאָן אָבער זעלטן באַהערשן אָט די „ווילדע" וואַנדער-זוכט און ס'קומט צו שווערע עקספּלאָזיעס פון ווילדקײט. אין ענגלאַנד פלעגט מען אַזוינע קינדער אָפּגעבן אין אַ באַוועגלעכער מאַטראָסן-שול אויף שווימענדיקע שיפן, — אַזוי אַרום געפינט מען דאָ אַ פּראָדוקטיוון אויסוועג פאַר דער צו גרויסער וואַנדער-זוכט, וואָס אין דער נאָרמאַלער שול וואָלט עס געמוזט האָבן אַ נײראָטישן „אומדיסציפּלינירטן" אויסוועג. מיר פלעגן לאָזן אַזעלכע קינדער אויספירן פאַרשידענע לויף-שליחותן (פאַר דעם אַנ-שטאַלט), באַגלײטן עלטערע אויף רײזעס. אין שווערע פאַלן איז עס נײטיק ווי אַ ראַדיקאַל הײל-מיטל צו פאָרן אויף אַ געוויסער צײט מיט אַזוינע קינדער אויף שיף-רײזעס, אָדער אַ נסיעה אין די בערג, ווו די קינדער זאָלן קענען אונטער אַ געהעריקער אויפזיכט קלעטערן, בלאָנדזשען, וואַנדערן. אין דער הינזיכט איז וויכטיק פאַר דער שול די מעגלעכקײט פון אַזוינע פּעריאָדישע אויספלוגן און זומער-וואַנדערונגען, וואָס זאָלן קאָנען לויט באַדאַרף באַפרידיקן די וואַנדער-קינדער. אויף דעם אופן געפינט מען אַ דערציערישן אויס-וועג פאַר דער צו גרויסער וואַנדער-זוכט, וואָס אין דער נאָרמאַלער שול וואָלט עס געמוזט ברענגען צו נײראָטישע עקספּלאָזיעס. דאָס

*) זע מײן בוך „חלום און שפּיל", טײל 4, קאַפּ. 5.

זעלביקע איז אויך ביי אַנדערע ספּעציעלע ריכטונגען פון אַ צו גרויסן שפּיל-דראַנג.

אויב אונדזער אויפפאַסונג פון „אומדיסציפּלינירטקייט" אָדער פּסיכישער כאָרעאַ*), אַלס אויסלאָדונג פון אַ צו גרויסן שפּיל-דראַנג, איז ריכטיק, דאַרפן מיר דאָ געפינען אין אַ שאַרפערער פאָרם יענע דערשיינונגען, וואָס זענען (לויט אונזערע פאָרשונגען) כאַראַקטעריסטיש פאַרן שפּיל-דראַנג. דאָס וואָלט געווען אי אַן איבעריקער באַווייז פאַר אונדזער אויפפאַסונג, אי אַ טיפערע דערקלערונג פון דער פּסיכישער כאָרעאַ. צוערשט איז עס די קעגנזייטיקייט פון פאַנטאַזיע און האַנדלונג.

מיר האָבן שוין אין אַן אַנדער אָרט*) געקענט אונטערשיידן צווישן האַנדלונג-שפּיל און פאַנטאַזיע-שפּיל, ד. ה. צווישן שפּילן, געשאַפן דורך האַנדלונג אָדער דורך פאַנטאַזיע (ספּאָרטלעכע און געזעלשאַפטלעכע שפּילן, טאַנץ, לוסט-באַשעפטיקונג, אָדער פאַנטאַזיע-פאַרכאַפנדיקע — קינאָ, טעאַטער, ליטעראַטור, טרוימען אויף דער וואָך א. אַ. וו.). פאַנטאַזיע און האַנדלונג, קינדער-מעשהלע און קינדער-שפּיל, זענען פאַרשידענע אויסדרוקן פונעם גלייכן שפּיל-דראַנג, ווי עפּיק און דראַמע זענען פאַרשידענע אויסדרוקן פון גלייך קינסטלערישע איבערלעבענישן. דאָס דערקלערט אונדז, וואָס מיר קאָנען ביים אומדיסציפּלינירטן קינד דערציערישע קאָנצענטרירן דעם אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-דראַנג נישט נאָר דורך פאַסיקע שפּילן, נאָר אויך דורך אַ פאַסיקער מעשהלע אָדער אַן איבעראַשנדיקער סיטואַציע, וואָס ווירקן אויף דער פאַנטאַזיע און שאַפן אַזוי אַרום אַן אויסוועג דורך פאַנטאַזיע-שפּיל.

איצט קומען מיר צו דער קעגנזייטיקייט פון אַרבעט און שפּיל, וואָס מיר האָבן אין אַן אַנדער אָרט*) אויספירלעך באַשריבן. יעדע אַרבעט האָט אירע שפּיל-עלעמענטן, ווי יעדער שפּיל האָט זיינע אַרבעט-עלעמענטן. דער ריטם, דער אינטערעס און אַמביציע פון

---

*) פון די ביידע גלייך באַדייטנדיקע טערמינען וועלן מיר ווייטער מער געברויכן דעם לעצטן.

**) זע מיין בוך: „חלום און שפּיל", טייל 4, קאַפּ. 3.

אַרבעט מאַכן די נוצלעכע אָנשטרענגענדיקע אַרבעט אויך טשעקאַווע, צוציענדיק. פון דער אַנדערער זייט, האָבן מיר אין יעדן שפּיל אַ טרענירונג פון באַשטימטע (פאַר יעדן שפּיל) כחות און פעיקייטן, וואָס צוזאַמען מיט דעם שפּיל-מעכאַניזם און שפּיל-רוטין מאַכן זיי דעם לוסטיקן שפּיל אויך נוצלעך און אָנשטרענגנדיק. וואָס גרעסער דער שפּיל-קוואָטיענט פונעם מענטשן איז, אַלץ מער וועט אים ציען צו ריזיקאַלישע, רייצנדיקע, אונטערנעמערישע אַרבעטן, אַלץ מער וועט ער זיך לאַנגווייליקן פון „סאָלידער" רוטינירטער אַרבעט. ביי דער פּסיכישער כאָרעאַ, ד. ה. ביים אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-דראַנג, וועט דאָס קינד שווער פאַרטראָגן די „סאָלידע" שול-רוטין, וואָס איז אויסגערעכנט אויף דעם שפּיל-קוואָטיענט פון נאָרמאַלע קינדער. דאָס קינד וועט פון לאַנגווייל נישט קאָנען איינזיצן, די שטענדיק זיך איבערחזרנדיקע קלאַס-רוטין האָט אים דערעסן, די פאַרשמאַכטע פאַנטאַזיע שפּרינגט זוכנדיק פון איין קעגנשטאַנד צום צווייטן. דערפון — די אומקאָנצענטרירטקייט. וואָס מער דער אונטעריכט וועט זיין ניי און טשעקאַווע, וואָס מער ער וועט האָבן שפּיל-עלעמענטן, אַלץ מער וועט אַזאַ אונטעריכט קאָנען, ווי אַ מעשהלע און שפּיל, קאָנצענטרירן דעם צו גרויסן שפּיל-דראַנג פונעם קינד.

דאָ ווירקט אויך דער פון אונז פעסטגעשטעלטער פּרינציפּ פון ריטמישער זעלבסט-רעגולירונג*), וועלכן מען קאָן קורץ אַזוי באַשרייבן: וואָס מער אָנשטרענגענדיק מען אַרבעט, אַלץ מער וואַקסט דער דראַנג צו רו און שפּיל. פון דער אַנדערער זייט: וואָס מער און אינטענסיווער מען שפּילט, אַלץ מער רייפט דער חשק צו אַרבעט. דאָס זעלביקע איז אויך ביי דער פּסיכישער כאָרעאַ: וואָס מער ס'וועלן זיין פאַרכאַפּנדיקע שפּילן בשעת דער פּויזע, אַלץ מער וועט זיך ביים קינד אויסלאָדן דער שפּיל-דראַנג און אַלץ מער וועט ער האָבן חשק און גרייטקייט פאַר דער קלאַס-אַרבעט. ס'איז דערפאַר אומריכטיק דער פאַרבאָט פון עכט-יינגלשע קאַמף-שפּילן, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען אינעם ערשטן פאַל, ווייל אַזאַ פאַרבאָט פאַרשטעלט די מעגלעכקייט פון שפּיל-אויסלאָדונג און וועט אַרויסרופן

*) זע מיין בוך: „חלום און שפּיל" טייל 4, קאַפּ. 3.

א נאָך גרעסערע אומרו ביי די קינדער בשעת דעם אונטעריכט. זייער גינסטיק זענען בשעת דער פויזע אַזוינע שפּילן, ווי פּוס־באָל, וואָס קאָנען באַפרידיקן א זייער גרויסן שפּיל־אימפּעט.

דאָס געזאָגטע מאַכט קלאָר, אַז די פּסיכישע כאַרעאַ מוז מען באַהאַנדלען אויף צוויי אופנים: דורך מער אינטענסיווע שפּילן בשעת דער פויזע און מער שפּילערישער, אינטריגירנדיקער אַרבעט בשעת דעם אונטעריכט. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳וואָלט עס אַמבעסטן געקאָנט אַדורכפירן אין אַ ספּעציעלן אַנשטאַלט פאַר אַזוינע קינדער. אין דער אַלגעמיינער שול אָבער, ווו דער לערער קאָן נישט ווייט ענדערן די נאָרמאַלע אַרבעט־שפּיל־אַטמאָספער, וועט ער זיך מוזן אַרויסהעלפן דורך אַריינפירונג פון פאַסיקע שפּיל־עלעמענטן. אַ גרויסע ווירקונג האָט דאָ אויך די מעטאָדע פון פאַראַנטוואָרטלעכע אויפטראָגן, ווי למשל, דער אויסוואַל צו אַן אָרדנער א. ד. גל. אַזאַ אויפטראָג לאָזט דאָס קינד שפּילן אַ באַדייטנדע „ראָליע״, שטעלן אויפן קאָן זיין פּרעסטיזש און דעם צוטרוי פון די אַרומיקע. די פאַראַנטוואָרטונג מאַכט די ראָליע שפּאַנענדיק, און שאַפט אַזוי אַרום אַ סאָציאַלן אויסוועג פאַרן צו גרויסן שפּיל־דראַנג. דאָס זעלביקע איז אויך ביי די קינסטלערישע און ספּאָרטלעכע שפּילן, טאַנץ, מוזיק און ריטמישע גימנאַסטיק, וואָס שאַפן אַ פּראָדוקטיוון אויסוועג פאַרן שפּיל־אימפּעט. מיר האָבן אָבער אויבן געזען, דאָס אָפּהענגיק פון באַגאַבונג און דערציונג, האָט די פּסיכישע כאַרעאַ ביי יעדן קינד זיין אייגענעם כאַראַקטער און מוז דערפאַר באַהאַנדלט ווערן גאַנץ אינדיווידועל דורך פאַסיקער שפּיל־אַרבעט־אָרגאַניזירונג. נייע וועגן פון באַהאַנדלונג וועט אונדז געבן די לערע פון צוואַנג־שפּיל אינעם קומענדיקן קאַפּיטל.

קאפיטל 7.

# דער צוואַנג־שפּיל ביי קינדער

דערמאָנען מיר דעם איינפאַכן, אָבער באַלערנדיקן פאַקט, וואָס רירט אָן דאָס סאַמע וועזן פונעם שפּיל־פּראָבלעם און וואָס מיר האָבן (אין פריערן קאַפּיטל) באַשריבן ביים אַזוי גערופענעם „אום־דיסציפּלינירטן" יינגל. אין קלאַס בשעתן אונטעריכט איז ער ווילד, צעשטרייט, אַגרעסיוו און שטערט די אָרדענונג, אָבער בשעת דער פּויזע שפּילט ער ווי געהעריק מיט קינדער (אויב ער האָט נאָר אַ פּאַסנדיקע שפּיל־גרופּע), איז אַפילו אָפטמאָל אַ פירער און אָרגאַניזאַטאָר פון שפּילן. אָבער אויך אין קלאַס קאָן דער ברויזנדיקער יינגל ווערן מיטאַמאָל רואיק־קאָנצענטרירט, ווען דער לערער דערציילט אַ שיין מעשהלע. און טאַקע באַלד נאָך דער מעשהלע פאַרלירט ער ווידער די קאָנטראָל איבער זיך און ווערט קרענקלעך באַוועגלעך (די נייראָטישע דערשיינונגען ביים קינד זענען פאַרשידן, כאָטש פאַר דעם לערער זענען וויכטיק און אויפפאַלנדיק יענע אומנאָרמאַלע דערשיינונגען, וואָס שטערן די אָרדענונג).

דאָ זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי שפּיל און נערוועזישקייט ביימ[ע]ן אָפּ איינס די צווייטע. טאַקע ווי נאָר ס'גייט אַוועק דער קאָנסטרוקטיווער גרופּן־שפּיל אָדער פאַנטאַזיע־שפּיל (מעשהלע), קומט דער דעסטרוקטיווער נייראָטישער שפּיל פון ווילדע אימפּולסן. ווייל די דערמאָנטע קינדער האָבן אַ גרעסערן שפּיל־דראַנג, ווי די מייסטע קינדער, רעאַגירן זיי גיכער און שאַרפער אויף אַ שפּיל־דעפיציט און פירן זיך אויף נייראָטיש אין דער פאַר זיי צו סאָלידער שול. אָבער אויך די מייסטע קינדער, וואָס האָבן אַ נאָרמאַלן שפּיל־דראַנג און לעבן זיך גוט איין אין דער שול, וועלן רעאַגירן מיט נייראָטישער אומדיסציפּלינירטקייט דאַמאָלס, ווען דורך וועלכער

ס'איז סיבה ווערט געשטערט דאָס נאָרמאַלע שפּיל-לעבן, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען אין די פאַרשידענע פאַלן פון נערוועזישקייט. אַזוי אַרום זעען מיר, דאָס סיי ביי „אומדיסציפּלינירטע", סיי ביי נאָרמאַלע קינדער — אין אַלע פאַלן ברענגט דער שפּיל-דעפיציט צום אויסברוך פון נייראָז, וואָס קאָן אָננעמען ביי יעדן קינד זיין ספּע-ציפישע פאָרם. אָט די פאַרשידענע פאָרמען פון נייראָז דאַרף מען באַצייכענען אַלס דעפיציט-נייראָזן אָדער קאָמפּענסאַטאָרישע נייראָזן, ווייל זיי קומען דורכן שפּיל-דעפיציט, וועלכן זיי האָבן צו קאָמפּענ-סירן.

ביי נאָענטער פאָרשונג זעען מיר אָבער אַ זייער באַלערנדיקן אונטערשייד צווישן אומדיסציפּלינירטע און נאָרמאַלע קינדער. ביים אויספעלן פון שפּיל וועלן נאָרמאַלע קינדער אַ געוויסע צייט זיך פּיינלעך לאַנגווײַלן, וועלן ענערגיש זוכן אַ געלעגנהייט פון שפּיל, וועלן מאַכן סאַמע ערנסטע פּרוּוון — ערשט דאַמאָלס ווען די לאַנג-ווייל וועט ווערן צו דויערנדיק און צו טיף, וועט אויסברעכן דער נייראָז אָדער דער ווילדער שפּיל פון איבערגעלאָדענע אימפּולסן. ביי די דאָזיקע קינדער, הייסט דאָס, איז די נייגונג צום שפּיל דאָמי-נירנד, דער נייראָז קומט בלויז ווי אַ נויט-אויסגאַנג. ביים אום-דיסציפּלינירטן אָבער קומען שפּילן און נייראָז נאָכאַנאַנד, זיי ווייזן, הייסט דאָס, אַרום אַ נישט קיין קלענערע, אויב נישט קיין גרעסערע, נייגונג צום נייראָז ווי צום שפּיל. די מעשה איז, וואָס ביי אומדיסציפּלינירטע קינדער מיטן געבוירענעם גרויסן שפּיל-דראַנג ברענגט שוין אין די פריסטע קינדער-יאָרן דער שפּיל-דעפיציט צו נייראָטישע אימפּולסיווקייט, וואָס דורך אָפטע איבערחזרונג, דורך געוווינהייט, ווערט דער נייראָז איינגעוואָרצלט ווי אַ קרענקלעכע נייגונג (דיספּאָזיציע.) דער קאָמפּענסאַטאָרישער נייראָז ווערט דורך געוווינהייט אַ דיספּאָזיטיווער נייראָז. אויב די הייל-דערציונג קומט נישט אין פריען פאַרשול-עלטער, האָט מען שפּעטער צו טון מיט איינגעוואָרצלטער נערוועזישקייט, מיט ווילדע דיספּאָזיציעס. כאָטש דער יינגל שפּילט ווי געהעריק, קומט אָבער באַלד נאָכן שפּיל (מאַנכעמאָל אויך בשעת דעם שפּיל) ווידער די איינגעווויינטע ווילד-קייט. די סיבה פונעם נייראָז איז טאַקע צוערשט געווען דער קראַנק-

מאַכנדיקער שפּיל־דעפּיציט, אָבער צו דער סיבה איז מיט דער צייט צוגעקומען די קראַפט פון געוווינהייט. דאָס זעלביקע איז אויך ביים נאָרמאַלן קינד, וואָס דורך וועלכער ס׳איז סיבה איז געשטערט גע־וואָרן זיין נאָרמאַל שפּיל־לעבן, און ער האָט זיך דורך דעם זייער לאַנג און אָפט געמוזט נייראָטיש אויסלעבן. אויך דאָ אַנשטייט אַ דיספּאָזיטיוועד נייראָז. געניער אויסגעדריקט: דער נייראָז, וואָס קומט ווי אַ פּרימיטיווער שפּיל פון כוחות אַנשטאָט דעם פרייען גרופּן־שפּיל, איז דורך דער געוווינהייט געוואָרן אַ צוואַנג־שפּיל. צו־ליב דער היילונג איז נויטיק דערפאַר נישט נאָר צו באַזייטיקן די סיבה, דעם שפּיל־דעפּיציט, נאָר אויך „אָפּגעוווינען״ דאָס קינד.

ביי דער „אומדיסציפּלינירטקייט״ מוזן מיר אונטערשיידן צווישן אַלגעמיינע נייראָטישע שטערונגען און ספּעציעל אַנטי־סאָ־ציאַלע אימפּולסן. אין ערשטן פאַל זענען קינדער אומדיסציפּלינירט, נישט מחמת אַ בייזער כוונה (זיי זאָגן צו און סטאַרען זיך צו בע־סערן), נאָר מחמת זייערע נייראָטישע שטערונגען, ווי קרענקלעכע באַוועגלעכקייט, שוואַכער ווילן, אומקאָנצענטרירטע שפּרינגענדיקע אויפמערקזאַמקייט, צערייצטע פאַנטאַזיע, אומסטאַבילע געפילן. מחמת אָט די דאָזיקע שטערונגען קאָנען די קינדער זיך נישט קאָנטראָ־לירן, און זענען קעגן זייער ווילן אומדיסציפּלינירט. דאָ איז די אומדיסציפּלינירטקייט אַ רעזולטאַט, אָבער נישט דאָס וועזן פון דער אומנאָרמאַלישקייט. גאַנץ אַנדערש איז אין יענע פאַלן, ווען קינדער ווייזן אַרויס דירעקט אַנטי־סאָציאַלע נייגונגען. פאַר זייער צו גרויסן שפּיל־דראַנג איז די שול אַ געפענגעניש, וואָס פרעסט אַזוי שמערצ־לעך דאָס ברוייזנדיקע געמיט און רופט אַרויס אַ מין סטיכישן פּראָ־טעסט, אַ פאַרביסענע, בונטאַרישע, צולהכעיסדיקע באַציונג צו די אַרומיקע. יעדער פּרווו צו באַשטראָפן העצט נאָך מער די בונטאַרי־שע אַמביציע. ס׳קאָן דאָ דערגיין ביז צו שווערע עקסצעסן. כ׳דערמאָן זיך אַ שווערן פאַל, ווען מען האָט צו מיר אין ניו־יאָרק געבראַכט, אין מיין דאָרטיקער אַמבולאַטאָריע, אַזאַ אַכט־יעריקן יינגל. באַלד ביים אַריינקומען האָט ער כלומרשט ערנסט געבעטן אַ גלאָז וואַסער, ווייל ס׳דורשט אים זייער. ווי נאָר מ׳האָט עס אים דערלאַנגט, האָט

ער מיט דער פולער גלאָז וואַסער געגעבן אַ טראַסק אין דער ערד. ער האָט דערביי הויך געלאַכט פון פרייד, וואָס די אַרומיקע זענען אַ רגע געוואָרן אַזוי צעמישט און אויפגערעגט פון זיין אומגעריכטער בייזער האַנדלונג. אין אַן אַנדערן פאַל פלעגט אַן אַכט-יעריק יינגל זיך באַהאַלטן אויף אַ באַלקאָן און פון דאָרט משתין זיין אויף די קעפ פון די פאַרביייגייענדיקע. קורץ פאָרמולירט: ביים אויספעלן פון אינדיווידועל נייטיקן שפיל ווערט פאַרמינערט די קאָנטראָלירנדיקע שפאַן־קראַפט, און דאָס קינד קאָן נישט באַהערשן די באַהאַלטענע נייראָטישע אָדער אַנטיסאָציאַלע אימפּולסן, וואָס ווערן דינאַמיש אויסגענוצט ״די צו דעקן דעם שפּיל-דעפיציט. סיי די נייראָטישע, סיי די אַנטי-סאָציאַלע אימפּולסן ווערן דורך אָפטער איבערחזרונג אַ צוואַנג-געוווינהייט, אַ פרימיטיווער צוואַנג־שפיל פון איבערגעלאָדענע כחות. מען קאָן זיי אונטערשיידן אַלס נייראָטישע און אַנטי-סאָציאַלע צוואַנג-שפילן, וואָס זייער טיפערע באַדייטונג וועט נאָך אונטן באַשריבן ווערן.

דאָס געזאָגטע לאָזט אונז אויפקלערן מאַנכע דערשיינונגען ביים אָנאָניזים, וואָס איז אַ פרימיטיווער סעקסועלער שפיל מיט דעם געשלעכטס־אָרגאַן. מען פלעגט תמיד מיט געווייסן דערפאָלג באַהאַנדלען דעם אָנאָניזם ביי קינדער דורך אַריינציען דאָס קינד אין באַוועגלעכע גרופּן-שפּילן. אין משך פון טאָג איז דאָס קינד פאַרנומען („צעשטרייט״) דורך די באַוועגלעכע שפּילן, און אָוונט איז דער שפּיל-דראַנג פאַרן טאָג שוין אויסגעשעפּט, און דאָס קינד ווערט נאָרמאַל איינגעשלאָפן. אויך דאָ זעט מען באַשיינפערלעך, ווי שפּיל און נייראָז בייטן זיך אָפּ, ווי נאָר ביים אויספעלן פון צעשטרייענדיקע קאָנסטרוקטיווע שפּילן קומט דער פּרימיטיווער שפּיל פון אָנאָניזם. דאָס איז אַ קאָמפּענסאַטאָרישער אָנאָניזם. נישט נאָר קינדער מיט גרעסערן שפּיל-דראַנג, נאָר אויך נאָרמאַלע קינדער קאָנען ביים אויספעלן פון נאַטירלעכן שפּיל פון לאַנגווייל אָנהויבן אָנאָנירן. אָבער אויך דאָ וועלן מיר זען דעם פריער באַטאָנטן אונטערשייד. ביי נאָרמאַלע קינדער קומט דער אָנאָניזם ווי אַ נויט־אויסוועג, מייסטנס דורך נאָכמאַכונג פון אַנדערע קינדער, אָדער נאָר

דורך פֿאַרפֿירערישער רייצונג פֿון דערוואַקסענע (מאַנכע נערוועזע דערוואַקסענע האָבן די פֿאַרברעכערישע נייגונג צו אָנאַנירן אויף דעם קינדס געשלעכטס־אָרגאַן). אין פֿיל פֿאַלן אָבער קומט דער אָנאַניזם אין די פֿריִעסטע קינדער־יאָרן, פֿון זיך זעלבסט, אָן וועלכער ס'איז זייטיקער ווירקונג. מיר האָבן באַאָבאַכטעט דייטלעכע פֿאַלן פֿון אָנאַניזם ביי קינדער פֿון 1 — 2 יאָר, אַזוינע פֿאַלן זענען אויך באַשריבן געוואָרן פֿון אַנדערע. ביי פֿרי־אָנאַניזם לאָזט זיך דורך גענויער נאָכפֿאָרשונג פֿעסטשטעלן, אַז איינער פֿון דעם קינדס עלטערן ליידט נאָך איצט אָדער האָט וויניקסטנס אַ צייט פֿריִער געליטן פֿון אָנאַניזם. מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ ירושהדיקער סעקסועלער דיספּאָזיציע. די ספּאָנטאַנע רייצבאַרקייט פֿונעם געשלעכטס־אָרגאַן לאָקט צום אָנאַניזם, וואָס איז אַזוי אַרום אַ שטענדיק גרייטער און לייכטער אויסוועג פֿאַר דעם שפּיל־דראַנג. ביי דער מינדסטער מניעה פֿון אַ נאַטירלעכן שפּיל לאָזט זיך דאָס קינד לאָזן פֿונעם דיספּאָנירטן אָנאַניסטישן שפּיל. פֿיל מאָל איבערגעחזרט, ווערט דער אָנאַניזם אַ קרענקלעכע צוואַנג־געוווינהייט, אַ דיספּאָזיטיווער אָנאַניזם. ווי ביים נייראָטישן און אַנטיסאָציאַלן, אַזוי אויך ביים סעקסועלן צוואַנג־שפּיל, מוז מען נישט נאָר דורך צעשטרייענדיקע שפּילן באַזייטיקן די ערשטע סיבה, דעם שפּיל־דעפֿיציט, נאָר אויך שטרענג סיסטעמאַטיש דורכפֿירן אַ כּסדרדיקע אָנווענדונג פֿון יענע שפּילן, אָן איבעררייס, ביז דאָס קינד וועט זיך אָפּגעוווינען. (אָפּגעוווינונגס־קור).

ס'איז ווי ביים מאָרפֿיניזם. דורך לאַנג דויערנדיקע פֿיזישע שמערצן, למשל, ווערט מען געצוווּנגען צו מאַכן אָפֿטע איינשפּריצונגען פֿון מאָרפֿיום. וואָס אָפֿטער מ'טוט עס, אַלץ מער ווערט מען איינגעוווינט צו מאָרפֿיום. און אויך שפּעטער, ווען די שמערצן פֿאַרגייען, איז מען שוין אַ מאָרפֿיניסט, ס'איז ווייניק דאָס אויפֿהערן פֿון די שמערצן, וואָס האָבן געטריבן צום מאָרפֿיום, — ס'איז שוין געוואָרן אַ צוואַנג־געוווינהייט, און מ'מוז דאָ מאַכן די גאָרנישט לייכטע, אָבער שטענדיק מעגלעכע אָפּגעוווינונגס־קור.

דער פֿאַרגלייך פֿון נייראָז מיט מאָרפֿיניזם איז נישט בלויז אַ

בילדלעכער, נאָר אַ פּרינציפּיעלער, וואָס לאָזט אונדז נאָך טיפער באַרשטיין דאָס וועזן פון צוואַנג-שפּיל.*)

די אַזוי גערופענע היפּנאָטיקאַ, ווי מאָרפיום, אַלקאָהאָל א. ד. גל., ברענגען אַ פאַרכאַפּנדיק-לוסטיקע פאַרווײַלונג און מאַכן פאַרגעסן אַלע שמערצן דורך אַ באַרוישנדיקן גליקזעליקן פאַנטאַזיע-שפּיל, וואָס ווערט בשעת דעם רויש (ווי בשעת דעם נאַכט-חלום) איבערגעלעבט ווי עכטע רעאַלישקייט. אָט דער באַרוישנדיקער פאַנטאַזיע-שפּיל קומט נישט פון אייגענער אינערלעכער רעגונג, נאָר דורך דעם צוואַנג פון יענע היפּנאָטישע שטאָפן, וואָס באַרוישן מיט געוואַלד דאָס נערוון-סיסטעם. אין משך פון דער צייט, דורך פילמאָליקן געברויך פון יענע שטאָפן, באַקומט דער מענטש אַ צווינגענדיקע געוווינהייט, וועלכע ער קאָן שוין גאָרנישט באַהערשן. ס'באַקומט זיך דאָ אַ מין צוויבער-קרייז: פון איין זייט, איז דער גענוס אָדער די לוסט-געפילן בײַ יענע שטאָפן אַזוי צוציענדיק און פאַרכאַפּנדיק, אַז מ'קאָן אַנטקעגן זיי נישט ביישטיין ווי קעגן אַ צוואַנג; פון דער אַנדערער זייט, איז דער צוואַנג דאָ אַזוי געוואַלטיק, אַז מ'האָט אַ שטאַרקן גענוס דעם צוואַנג צו באַפרידיקן. דאָס איז דער טאָקסישער צוואַנג-שפּיל, וואָס קומט, הייסט דאָס, דורך דער ווירקונג פון גיפטיקע באַרוישנדיקע שטאָפן.

און אָט איז אַן אַנדערע קאַטעגאָריע. אַזאַרט-שפּילער (קאָרטן, רולעטקע א. ד. גל.), לוסט-פאַרברעכער און געוווינהייט-פאַרברעכער, — אָט די אַלע געפינען זיך אין קלעם פון זייער שפּיל-לײַדנשאַפט, וועלכע זיי קאָנען נישט באַהערשן. דאָס זענען מאָראַלישע צוואַנג-שפּילן, ווײַל דאָ ווערט דורך דעם צוואַנג געשעדיקט דאָס מאָראַלישע גלייכגעוויכט פון מענטשן. מיר קאָנען זיי אָבער באַזונדער טיילן ווי אַזאַרטלעכע, סעקסועלע און אַנטיסאָציאַלע צוואַנג-שפּילן.

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל“, טייל 4 קאַפּ. 5. דאָרט ווערט דאָס פּראָבלעם מער אויספירלעך באַהאַנדלט. דאָ גיבן מיר אַן עטוואָס נייע וואַריאַציע, ספּעציעל אַ מער אומפאַסנדיקע קלאַסיפיקאַציע פון צוואַנג-שפּילן. הויפּטזאַכלעך אָבער גיבן מיר דאָ אַ באַלויכטונג פון דעם פּראָבלעם בײַ קינדער.

די צוואַנג-שפּילן ווייזן אַרויס פיל פּאַראַדאָקסאַלע אייגנשאַפטן, פון וועלכע מיר וועלן נאָר אייניקע קורץ דערמאָנען. ערשטנס, וואָס מער מ׳פאַרנעמט זיך מיט צוואַנג-שפּילן, אַלץ גרעסערע און געפערלעכערע לײדן ברענגען זײ דעם מענטשן און דאָך ווערט גלײכצײטיק אַלץ גרעסער זײער צווינגענדיקע קראַפט. דער פאַרפאַלענער קאָרטן-שפּילער, וואָס האָט דורך דעם שפּיל פאַרלאָרן קאַריערע און פאַרמעגן און וואָס באַגײט אַלץ נײַע שווינדלערייען צו באַקומען געלט אויף קאָרטן, דער פילמאָל באַשטראָפטער און שטענדיק באַדראָטער לוסט-פאַרברעכער, דער אַלקאָהאָליקער, דער מאָרפיניסט מיט אַלץ שאַרפערע סימנים פון אָרגאַנישער צעפאַלנקייט — אָט די אַלע גײען מיט שטענדיק וואַקסנדיקן זעלבסט-צוואַנג און שטענדיק וואַקסנדיקער לוסט און לייד צו זייער אייגענער פאַרניכטונג. ווי גרויסע געפאַרן ביים וועט-ספּאָרט רייצן און צינדן די ספּאָרטלעכע אַמביציע, אַזוי ברענגען ליידן אַ טראַגישע שאַרפקייט פון דער פאַרכאַפנדיקער שפּיל-אַמביציע. די צוואַנג-שפּילן זענען אויף דעם אופן ליידנס-שפּילן. צווייטנס, די צוואַנג-שפּילן, ווי שפּילן איבערהויפּט, וועקן אָן אורשפּרינגלעכן לעבנס-דראַנג, נאָר אַ נעגאַטיוון, אַ צעשטערערישן, וואָס ברענגט דעגראַדאַציע און אונטערגאַנג. די צוואַנג-שפּילן זענען פּרימיטיווע שפּילן, וואָס וועקן פּרימיטיווע צעשטערערישע כחות, צום אונטערשייד פון די נאָרמאַלע פרייע שפּילן, וואָס וועקן די פּראָדוקטיווע, ד. ה. די אויפבויענדיקע און אָרגאַניזירנדיקע כחות פון דער פּערזענלעכקייט.

ווען דער מענטש איז לויט נאַטור און דערציונג נישט צוטריטלעך פאַר מאָראַלישע צוואַנג-שפּילן, קאָן ביי אים די אינערלעכע „ליידיקייט״ (ביים אויספעלן פון פּראָדוקטיוון פריי-שפּיל) געדעקט ווערן דורך דעם נייראָז, וואָס איז גלייכצייטיק אי אַ צוואַנג-שפּיל, אי אַ ליידנס-שפּיל. איז דאָך דאָס נייראָטישע ליידן נישט קיין „ערנסטס״, עכטס, אָרגאַנישס, נאָר אַ פאָרגעשטעלטס (פּסיכאָגען), געשפּילטס. ווי אַ ליידנס-שפּיל דעקט דער נייראָז די ליידיקייט פון דעם לאַנגווייל דורך דער שפּאַנונג פון צעשפּילטע ליידן; ווי אַ צוואַנג-שפּיל קומט פאַר דער נייראָז אָן און קעגן דעם ווילן.

דער נייראָז (ווי יעדער אַנדערער צוואַנג-שפּיל) איז אַ נעגאַ-

טיוו בילד פון דעם נאָרמאַלן פריי-שפּיל. יענער וועקט די צעשטערערישע כחות, און דער — די אָרגאַניזירנדיקע כוחות פון קינד. יענער פירט ביאָלאָגיש באַרג-אַראָפּ, און דער — באַרג-אַרויף. ביים פרייען גרופּן-שפּיל (אָדער פאַנטאַזיע-שפּיל) אַנטוויקלט דאָס קינד די סאָציאַלע פעיקייטן זיך צו פאַרבינדן און קאָאָרדינירן מיט דער גרופּע, ווי אויך די אַלע נויטיקע פעיקייטן מיטצובויען און דורכצולעבן די קאָנסטרוקטיווע גאַנצקייט פון 'שפּיל אָדער מעשהלע. אין קעגנזאַץ צום מעכאַנישן, זענען שעפערישע כוחות אייגנאַרטיק און טיף פערזענלעך. דער פרייער אויסוואַל פון ראָליע און שפּילמאַניר, למשל, אין דער גרופּע דריקן אויס די סאַמע אינטימע „איך"-געפילן, דער שפּיל איז אַזוי אַרום דורכגעדרונגען פון פרייער אינטימישקייט. דער ניוראָז אָדער די אַנטיסאָציאַלע אימפּולסן וועקן די פרימיטיווע כאַאָטישע כוחות פונעם קינד, וואָס מאַכן אים סאָציאַל אומפעיק, רופן אַרויס דאָס געפיל פון צעריסנקייט און זענען „איך"-פרעמד אָדער גאָר „איך"-פיינטלעך — זיי קומען ווי אַ צוואַנג פאַרן קינד. קורץ: דער פריי-שפּיל איז פּראָדוקטיוו און אינטים, דער צוואַנג-שפּיל איז פרימיטיוו־דעסטרוקטיוו.

מיר קאָנען אויף דעם אופן קלאַסיפיצירן די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פון צוואַנג-שפּילן — דעם טאָקסישן, אַזאַרטלעכן, סעקסועלן, אַנטיסאָציאַלן און ניוראָטישן. ביי שול־קינדער טרעפן מיר כמעט ווי גאָרנישט דעם טאָקסישן און אַזאַרטלעכן, נאָר דעם סעקסועלן (הויפּטזאַכלעך — אָנאַניזם), אַנטיסאָציאַלן און ניוראָטישן צוואַנג-שפּילן. מיר וועלן ווייטער זען נאָך טיפערע אייגנאַרטיקייטן ביים קינד.

דערמאָנען מיר נאָך די אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פון שפּילפרייהייט. די אַרבעט איז געבונדן מיט רעאַלע באַדינגונגען און באַשטימטן צוועק, וואָס מאַכן זי „ערנסט", ד. ה. מ'מוז ביי דער אַרבעט אויפּאַסן און באַהאַנדלען ערשיינונגען לויט זייער אייגענער באַשטימטער געזעצמעסיקייט. יעדע אילוזיע אָדער קאַפּריז פירט אַראָפּ פון וועג. ס'איז די פּראַקטישע פאַנטאַזיע, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער צופּאַסונג. דאָס ערנסטע „אַרבעט"-באַוווסטזיין פון רעאַלער שטרענגער געזעצמעסיקייט, פון אַן „אַזוי-און-נישט-

אַנדערש״־באַציונג. אין דעם שפּיל־באַוווּסטזיין אָבער קאָן מען אויפפּאַסן און באַהאַנדלען דערשיינונגען לויט אייגענעם גלוסטן. ס׳איז די פרייע פאַנטאַזיע, וואָס דריקט אויס אין בילדער אירע אינטימע געפילן און זעט די וועלט אין דער ליכט פון אייגענע שטימונגען. פירט מען, למשל, אַ מלחמה אין דער ווירקלעכקייט, מוז מען זיך „ערנסט״ רעכענען מיט דעם צוזאַמענשטעל פון כוחות אין די רעאַלע תנאים פון צייט און אָרט. פירט מען אָבער בלויז אַ שפּיל פון מלחמה, קאָן מען דעם שפּיל קאָנסטרואירן לויט אייגענע שטימונגען. דאָס שפּיל־באַוווּסטזיין איז אַ פריי באַוווּסטזיין פון „נישט־מוזן״, פון אַן „אַזוי־אָדער־אַנדערש״־באַציונג. מיר וועלן אונטן באַצייכענען דאָס שפּיל־באַוווּסטזיין אַלס אַ „ספּעריש״־עמאַנציפּאַנעל באַוווּסטזיין. ס׳זענען אָבער פאַראַן, ווי אויבן דערקלערט, צוויי פאָרמען פון שפּיל־באַוווּסטזיין: דאָס פּרימיטיוו־דעסטרוקטיווע פון צוואַנג־שפּילן און דאָס אינטים־פּראָדוקטיווע פון פריי־שפּילן. דערמיט ווערט גאַנץ אָפּגעלייקנט די פּסיכאָ־אַנאַליטישע באַהויפּטונג, אַז אין שפּיל, ווי אין חלום, דריקט זיך אויס דאָס „אומבאַוווּסטע״. אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָבן מיר אין שפּיל נישט ווייניקער באַוווּסטזיין, נאָר אַן אַנדער באַוווּסטזיין, וואָס זעט די אַרומיקע וועלט אין דעם ליכט פון פּרימיטיווע אָדער אינטימע געפילן.*)

דער לעבנס־שטייגער באַשטייט, הייסט דאָס, פון דריי עלעמענטן: אַרבעט, אינטים־פּראָדוקטיווע און פּרימיטיוו־דעסטרוקטיווע שפּילן, — וואָס צוזאַמען בילדן זיי דעם נאַטירלעכן ריטם פון מענטשלעכער טעטיקייט, דעם אַרבעט־שפּיל־באַלאַנס. די דאָזיקע דריי עלעמענטן, וואָס זענען לויט זייער נאַטור דורכויס פאַרשיידן, דרינגען דורך אָרגאַניש איינער די אַנדערע. מיר האָבן שוין אויבן (קאַפּיטל 6) געזען, אַז יעדע אַרבעט האָט אירע שפּיל־עלעמענטן, ווי יעדער שפּיל — זיינע אַרבעט־עלעמענטן. אויך זענען אינטימע און פּרימיטיווע שפּילן דינאַמיש פאַרבונדן: ביים אויספעלן פון אינדיווידועל גויטיקע אינטימע שפּילן קומט דער אימפּולסיווער צוואַנג

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל״, טייל 1, קאַפּ. 2.

פון פרימיטיווע שפּילן, נעמלעך דער נייראָטישער אָדער מאָראַלישער צוואַנג-שפּיל.

די דריי פאַרשידענע עלעמענטן פון לעבנסרשטייגער און זייערע פאַרשידענע באַוווּסטזיין-פאָרמען דריקן אויס די דריי פאַרשידענע אַרטן פון פּסיכישן לעבן. אין דער אַרבעט קומט צום אויסדרוק דאָס ניכטערע נאָרמאַל-באַוווּסטזיין, וואָס דענקט ראַציאָנעל און האַנדלט צוועקמעסיק לויט די רעאַלע באַציונגען פון אַרבעט אָדער לויט די פאָדערונגען פונעם עקזיסטענץ-קאַמף, צו וועלכן דאָס נאָרמאַל-באַוווּסטזיין איז צוגעפּאַסט. אין שפּיל-באַוווּסטזיין קומט צום אויסדרוק דאָס עמאָציאָנעל-ספּערישע לעבן, ווו מען דענקט אינטואיטיוו און מ'האַנדלט אימפּולסיוו לויט אונדזערע לײַדנשאַפטן. ס'זענען אָבער פאַראַן צוויי פאַרשידענע אַרטן פון ספּערישע לײַדנשאַפטן — אינטים-שעפּערישע און פּרימיטיוו דעסטרוקטיווע, וואָס געפינען זייער אַנטשפּרעכנדיקן אויסדרוק אין פרײַ-שפּילן און צוואַנג-שפּילן. אַט די דריי אַרטן פון פּסיכישן לעבן — דאָס נאָרמאַל-באַוווּסטזיין, דאָס ספּעריש-אינטימע און דאָס ספּעריש-פּרימיטיווע — זענען דורכויס אויטאָנאָמע, אורשפּרינגלעך פאַרשידענע, כחות, זענען אָבער אָרגאַניש פאַרבונדן און בילדן צוזאַמען די פּילגעשטאַלטיקע גאַנצקייט פון דער פּערזענלעכקייט.*)

דער נאָרמאַל-באַוווּסטזיין איז די הערשנדיקע און מייסט שטענדיקע באַוווּסטזיין-פאָרם, אויף וויפיל ס'דאָמינירט אין אונדזער לעבן דער עקזיסטענץ-קאַמף, צו וועלכן דאָס נאָרמאַל-באַוווּסטזיין איז צוגעפּאַסט. אָבער ווי שטאַרק ס'זאָל נישט זײַן דאָס נאָרמאַל-באַוווּסטזיין, האָט אָבער יעדער מענטש זײַן אייגענעם ספּערישן דראַנג, אַן אינדיווידועלן מינימום פון שפּיל-לײַדנשאַפטן, וואָס געפינט דעם אויסדרוק אינעם מענטשנס שפּיל-קוואַטיענט. און ווען דער מענטש קאָן זיך נישט אויסלעבן ספּעריש-אינטים דורך פרײַ שפּילן, קומט עס צום ספּעריש-פּרימיטיוון דורכברוך אין צוואַנג-שפּילן.

---

*) זע מײַן בוך: „דער וועג צום מענטשן", קאַפּ. 5—7.

מיר קומען איצט צו דער ספּעציעלער ביאָ־פּסיכאָלאָגיע פון קינדער־שפּיל.

אין קעגנזאַץ צו דערוואַקסענע הערשט אינעם לעבנס־שטייגער פון קינד דער שפּיל איבער דער אַרבעט. לאָזט מען איבער קינדער פריי פאַר זיך, וואָלטן זיי כסדר געשפּילט. דעם אַנטשפּרעכנדיק הערשט אינעם קינדס פּסיכישן לעבן דאָס שפּיל־באַוווסטזיין.*) דער וועלט־באַנעם ביי קינדער איז אין אַלגעמיין אַ שפּילערישער — זיי נעמען די וועלט נישט „ערנסט", נאָר שפּילעריש־עמאָציאָנעל. דאָס איז נישט נאָר אַ פּסיכאָלאָגישע, נאָר אויך אַ ביאָלאָגישע דערשיינונג. דורך דעם נאַטירלעכן אינסטינקט (ווי מוטער־אינסטינקט און פאָטער־אינסטינקט) ווערן די עלטערן פון זיך זעלבסט געטריבן צו זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ פון די קינדער. — דאַרפן דערפאַר די קינדער נאָך נישט פירן קיין עקזיסטענץ־קאַמף, און בהסכם מיט דעם זענען ביי זיי נאָך ווייניק אַנטוויקלט די פעיקייט און די נייגונג צו „ערנסטער" צופּאַסונגס־אַרבעט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז ביי די קינדער נאָך ווייניק אַנטוויקלט די פּראַקטישע פאַנטאַזיע, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער צופּאַסונג. ס'הערשט די פרייע פאַנטאַזיע, וואָס דריקט אויס מער אומגעשטערט די אייגענע געפילן אין בילדער (אין מעשהלע אָדער שפּיל), און זעט די אַרומיקע וועלט אין דעם ליכט פון אייגענע שטימונגען. דאָס קינד איז ביאָלאָגיש אַ שפּילעריש וועזן. זיין שפּיל־קוואָטיענט איז אָן אַן ערך גרעסער ווי ביי דערוואַקסענע. דאָס אויספעלן פון אינדיווידועל נויטיקן פריי־שפּיל באַרויבט דערפאַר דאָס סאַמע וועזן פון קינד און טרייבט עס פאַטאַל אין דעם נייראָטישן אָדער מאָראַלישן צוואַנג־שפּיל. ס'גייט אָבער פיל טיפער.

נישט נאָר שפּילט דאָס קינד מער ווי דער דערוואַקסענער, נאָר עס שפּילט אויך אַנדערש. ווייל דאָס קינד איז נאָך נישט פאַרנומען מיט דער צופּאַסונגס־נויט, האָט עס נאָך ווייניק פעיקייט און דראַנג

*) זע מיין בוך: „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער־לעבן" טייל 1, קאַפּ. 3.

צו אונטערשיידן צווישן ווירקלעכקייט און פֿאַנטאַזיע, וועלכע גיסן זיך בײַ אים צונויף צוזאַמען. דאָס ערנסטע לעבן נעמט ער שפּיעלעריש, און דעם שפּיל נעמט ער ערנסט. שפּיל און מעשׂהלע האָבן פֿאַר אים אין אַ גאַר גרויסער מאָס רעאַלע באַדײַטונג. אַ זיבן־יאָריק מיידעלע, למשל, וויינט, וואָס בײַ איר ליאַלקע האָט זיך צעבראָכן אַ פֿוס — „ס׳טוט איר (דער ליאַלקע) אַזוי וויי”, טענהט דאָס מיידעלע. אין די קינדער־יאָרן, ווי אין חלום, האָבן מיר, הייסט דאָס, אַ מאַגישן שפּיל־באַוווּסטזיין, ווו פֿאַנטאַזיע־בילדער ווערן איבערגעלעבט ווי עכטע רעאַלישקייט. צום אונטערשייד פֿון חלום, איז בײַם קינד די שפּיל־פֿאַנטאַזיע דורכגעדרונגען מיט עלעמענטן פֿון דער זיך אָנהייבנדיקער אַנטוויקלונג פֿון פּראַקטישער פֿאַנטאַזיע. וואָס עלטער דאָס קינד ווערט, אַלץ מער אַנטוויקלען זיך בײַ אים דער חוש און דער דראַנג צו אונטערשיידן צווישן פֿאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. נאָר די בהדרגהדיקייט פֿון אָט דעם פּראָצעס פֿירט דערצו, אַז אין דער קינדהייט הערשט דאָס מאַגישע שפּיל־באַוווּסטזיין. ס׳קומט אויס, אַז די קינדהייט איז די איינציקע עפּאָכע אין אונדזער לעבן, ווען מיר פֿילן די רעאַלישקייט פֿון פֿאַנטאַזיע־טרוים און דעם טרוים־צויבער פֿון דער רעאַלישקייט. אָט די דאָזיקע אינער־לעבע דערפֿאַרונגען פֿון דער קינדהייט זענען דער פֿונדאַמענט, דער גרונט־קאַפּיטאַל, פֿונעם מעגלעכן שאַפֿונגס־לעבן אין די רייפֿע יאָרן. איז דאָך יעדע שאַפֿונג אומעגלעך, אויב מ׳פֿילט נישט אַליין וויפֿיל־ס׳איז די רעאַלישקייט פֿון שאַפֿונגס־טרוים און דאָס זיך־שאַפֿן־און־איבערשאַפֿן לאָזן פֿון דער ווירקלעכקייט. דאָס לערנען מיר אָבער, דאָר דערפֿאַרן מיר באַשײַנפּערלעך נאָר אין די קינדער־יאָרן, אין אָט דער גאָלדענער עפּאָכע פֿון אונדזער שפּיל־און־טרוים־לעבן. דאָס אויספֿעלן פֿון אינדיווידועלן פֿרײַ־שפּיל אין די קינדער־יאָרן ברענגט נישט נאָר דעם קינדער־נייראָז, דעם צוואַנג־שפּיל, נאָר אונטערגראָבט אויך דעם פֿונדאַמענט פֿון דער שעפֿערישער פּערזענלעכקייט אין רייפֿערן עלטער. ס׳ווערט דורך דעם פֿאַרמינערט אונדזער מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן גײַסטיק־פּראָדוקטיוו, און מיר זענען אַזוי אַרום עלול אַרײַנצופֿאַלן אין דעם נייראָטישן צוואַנג־שפּיל. אונדזערע קינדער־יאָרן זענען נישט בלויז אונדזער פֿאַר־

גאנגנהייט, נאָר אויך אונדזער טיפסטער פונדאמענט, מיט וועלכן ס'שטייט און אָן וועלכן ס'פאלט אונדזער שפּעציפישע פּערזענלעכקייט.

קאפיטל 8

# וועגן געהיימלעכקייט, נייראָטישער פירער־שאַפט, געהיימער דעספּאָטיע, גרופּן־אַנטאַגאָניזמען און פּסיידאָ־שפּיל־האַלוצינאַציעס

ס'איז, ווי באַקאַנט, דער גרונט־יסוד פון יעדער פּעדאַלאָגיע, אַז דאָס קינד איז נישט בלויז אַ מיניאַטור פון דעם דערוואַקסענעם, נאָר איז אַן אייגנאַרטיקע עקזיסטענץ פאַר זיך מיט אייגענע געזעצן. אויך די קינדער־גרופּע איז נישט בלויז אַ מיניאַטור פון דער גרופּע ביי דערוואַקסענע, נאָר איז אַ דורכויס אייגנאַרטיק גרופּיש וועזן מיט אַ ספּעציפיש קינדישן כאַראַקטער, וואָס ווערט באַשטימט דורך די פריער (קאַפּ. 7) באַשריבענע ביאָ־פּסיכאָלאָגישע אייגנהייטן פון דער קינדהייט*). ערשטנס, אַזוי ווי דער שפּיל באַהערשט דאָס לעבן פון קינדער, איז ממילא די קינדער־גרופּע הויפּטזאַכלעך אַ שפּיל־גרופּע. צווייטנס, צום אונטערשייד פונעם שפּיל ביי דערוואַקסענע צייכנט זיך אויס דער קינדער־שפּיל דורך זיין מאַגיש־נאַיוון כאַראַקטער, ד. ה. דורכדעם, וואָס דער שפּיל ווערט אין אַ טרויסער מאָס איבערגעלעבט ביי קינדער ווי עכטע

---

*) די סאָציאַלע (אָדער גרופּישע) קינדער־פּסיכאָלאָגיע איז דערווײַל אַן אויטאָנאָמער וויסנשאַפט־געביט, וואָס דאַרף קאָנען זיך קעגנזייטיק דערגענצן און באַלויכטן, אָבער נישט פאַרבייטן. אָט דער אומשטאַנד, וואָס מ'האָט ביז איצט ווייניק געפאָדערט און געשעצט דאָס גרופּישע שפּיל־לעבן, האָט נישט נאָר געשטערט די ריכטיקע היילונג און פאַרהיטונג פון קינדער־נייראָזן, נאָר האָט אויך געלאָזט אומזיכער די באַזע פון דער דערציונג בכלל (זע מיין בוך „חלום און שפּיל“, טייל II, קאַפּ. 1).

רעאַלישקייט. אַזוי אַרום האָט די קינדערשע שפּיל-גרופּע איר אייגענע מאַגיש-נאַיווע אַטמאָספער.

אָט די מאַגישע נאַיווישקייט, אָט דער צונויפגוס פון רעאַלישקייט און שפּיל, איז נאָך זייער ווייניק באַאַכטעט געוואָרן און מ'האָט נאָך ביזאַהער נישט געמאַכט דערפון די ווייטגייענדיקע אויספירן.*) דאָס באַדייט קודם כל אַ ראַדיקאַל וועזנטלעכע אַנדערשקייט פונעם קינדס גרופּישע געפיל. פון איין זייט פאַרלירט דאָ די רעאַלישקייט איר צווינגענדיקע פאַטאַלע ממשותדיקייט און באַקומט אין דעם שפּיל די אומשעדלעך מאַכנדיקע עקסטאַטישע שפּילעוודיקייט. אָבער גלייכצייטיק, און דאָס איז דאָס וואונדערלעכע, באַקומט דער שפּיל פאַרכאַפּנדיקע ממשותדיקייט. מיר וועלן עס נאָך טיפער און קלאָרער פאַרשטיין דורך אַ פאַרגלייך מיט די איבערלעבענישן ביי דערוואַקסענע. דערמאָנען מיר נאָר קורץ אייניקע בייַשפּילן. בשעת דעם שלאָף בייַנאַכט קאָנען מיר אין אַ שווערן חלום אַזש אויפציטערן פון קאָנוולסיוון שרעק, מיר באַרואיקן זיך אָבער באַלד, ווי מיר כאַפּן זיך אויף, און דערפילן גלייך, אַז עס איז נאָר געווען אַ חלום. דער אונטערשייד פון פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט איז אַזוי ראַדיקאַל ביי דערוואַקסענע, דאָס די סאַמע שרעקלעכע דערשיינונגען פאַרלירן זייער ווירקונג ביי דער ערשטער דערקענטעניש פון זייער חלום-כאַראַקטער. פאַרקערט, קאָנען סאַמע אומגעלומפּערטע פאַנטאַזיע-בילדער דערשיטערן ביי דער האַליוציִנאַציע, ווייל און אויף וויפל מיר פאַרלירן דאָ די דערקענטעניש פונעם אונטערשייד צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. ביי דערוואַקסענע איז דערפאַר נויטיק די שעפערישקייט פונעם קינסטלערישן זשעני, וואָס קאָן דורך פּלאַסטישע שילדערונגען אַנטפּלעקן די אינטים שפּילעוודיקע ניואַנסן פון אַרומיקע רעאַלע דערשיינונגען, ווי אויך קינסטלעריש אויפהויבן די איינדרוקס-קראַפט פון פאַנטאַזיע-וויזיעס. אָבער נישט נאָר געוויינלעכע מענטשן, נאָר אויך די קינסטלער זעלבסט שפּירן אומיטלבאַר די באַזונדערטקייט פון דער

*) זע מיין בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער-לעבן", טייל 3, קאַפּ. 9—12.

קונסט לגבי דער ווירקלעכקייט. ווי פאַרכאַפּנדיק ס׳זאָל נישט זיין, למשל, אַ סקולפּטור, ווייסט מען דאָך, אַז עס איז נאָר אַ בילד.

גאַנץ אַנדערש איז עס ביים קינד. ערשטנס, נישט קינסטלערישע, נאָר איינפאַכע ספּאָנטאַנע פאַנטאַזיע־בילדער ביי יעדן קינד פאַרכאַפּן זיין געמיט. צווייטנס, האָבן אָט די בילדער, ווי געזאָגט, אַ נאַיוון כאַראַקטער, ווייל און אויף וויפל ס׳איז נאָך ביים קינד ווייניק אַנט־וויקלט דער חוש פאַרן אונטערשייד צווישן פאַנטאַזיע און ווירק־לעכקייט, וואָס גיסן זיך ביי אים צונויף אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דערפון קומט, וואָס דאָס קינד האָט נישט ווי דער קינסטלער קיין שאַפונגס-ליידן אָדער די נויטיקייט פון אויסטראָגן און באַאַרבעטן, נאָר אין מעשהלע און שפּיל אימפּראָוויזירט ער ספּאָנטאַן, אַלע ווילע פונסניי, זיינע וויזיעס און געשטאַלטן אין נאַיווע קאָמענאַרישע פאָרמען. צום אונטערשייד פון דעם דערוואַקסענעם, ברויכט נישט דאָס קינד קיין קינסטלערישע סיטואַציעס אָדער קינסטלערישע זוערק, נאָר מיט איבעראַשנדיקער לייכטקייט און פרישקייט פאַרוואַנדלט ער אַלע ווילע אין שפּיל זיך און די אַרומיקע וועלט. נישט נאָר די רעאַלע סביבה, די דערוואַקסענע און זייערע האַנדלונגען, נאָר אויך די דערציערישע איינווירקונגען ווערן וועזנטלעך אומגעוואַנדלט אינעם קינדס נאַיוון וועלט־געפיל. ס׳איז דערפאַר אויבערפלאַכלעך די פאַר־שפּרייטע מיינונג, אַז קינדער אימיטירן אינעם שפּיל די געזעענע האַנדלונגען פון דערוואַקסענע. דאָ ווערט פאַרזען די ראַדיקאַלע איבעראַשנדיקע אַנדערשקייט פונעם קינדס מאַגישן שפּיל-באַוווסט-זיין, וואָס אומוואַנדלט אין שפּיל דאָס גאַנצע וועזן פון די געזעענע האַנדלונגען אָדער דערשיינונגען אין דער אַרומיקער וועלט. קינדער קאָנען נישט נאָכמאַכן די האַנדלונגען פון דערוואַקסענע, ווי דערוואַקסענע קאָנען נישט נאָכמאַכן דעם קינדער־שפּיל, — דאָ און דאָרט ווערן דיזעלביקע דערשיינונגען איבערגעשאַפן אינעם פאַר־שידענעם וועלט-געפיל.

דאָס געזאָגטע מאַכט קלאָר, אַז דאָס קינד שטייט נישט נאָכ־מאַכעריש פּאַסיוו צווישן דערוואַקסענע, נאָר אַנטוויקלט אַקטיוו זיין שפּילערישע איגנאַרט אין געשלאָסענע קינדער-גרופּעס, וואָס האָבן זייער אייגענע אַטמאָספער און שיצן דאָס איינצלנע קינד קעגן דרויסנ־

דיקע איינפלוסן. אָבסערווירט מען אַזוינע טיפּישע קינדער־שפּילן, ווי „רויבער און פּאָליציי", „פייערלעשער", „דאָקטאָר און קראַנקע" א. ד. גל. — זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי די האַמעטנע דערשיי־גונגען פון דער אַרומיקער וועלט, די אַזוי מאַימדיקע האַנדלונגען און סיטואַציעס ביי דערוואַקסענע ווערן דאָ, אַזוי צו זאָגן, נייטראַליזירט דורך דער שעפערישער שפּיל־פאַנטאַזיע און דעם דראַמאַטישן אימ־פּעט פון דער שפּיל-גרופּע; דאָס איז דער זין, וואָס זייער אָפט שפּילן קינדער די אייגענע איבערגעלעבטע פיינלעכע סצענעס. ווען אַ קינד, למשל, איז געווען אין דער פרי ביים ציין-דאָקטאָר און דאָרט איבערגעלעבט פאַרשיידענע שרעק ביי די פיינלעכע מאַניפּולאַציעס מיט די אינסטרומענטן, קאָן ער פאַרנאַכט שפּילן מיט חברים דעם ציין-דאָקטאָר. דאָס קומט טאַקע דערפאַר און צוליב דעם, וואָס די פאַטאַל צווינגענדיקע האַרטע ווירקלעכקייט ווערט אין שפּיל צע־שמלצן, אומגעוואַנדלט און באַקומט עלאַסטישע שפּילערישקייט. ביים דערוואַקסענעם איז עס די קונסט פון טראַגעדיע, וואָס הויפּטזאַכלעך בשעת דער פאָרשטעלונג און דורך עקסקלוזיוו קינסטלערישע מיט־לען ווערן די טראַגישע שרעקן פון דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט אין עסטעטישע איבערלעבענישן. ביים קינד אָבער הערשט דער שפּיל שטענדיק, דער נאַיווער און ספּאָנטאַנער שפּיל, וואָס מיט נאַטירלעכער פרישקייט איבערשמעלצט ער די שווערע ריאַלישקייט אין שפּילערישע וועזנס. ווי אין דעם קערפּער שטייען אויף דער וואַך די דריזן און פאַרהאַלטן אָדער נייטראַליזירן די פון דרויסן אַריינ־דרינגענדיקע שעדלעכע שטאָפן, אַזוי שיצט די שפּיל-גרופּע דאָס איינצלנע קינד און נייטראַליזירט שפּילעריש די שווערע איינדרוקן פון דער אויסערער וועלט. דער שוץ איז דאָ נישט בלויז קעגן דירעקט שעדלעכע פאַקטאָרן. די קינדערישע שפּיל־גרופּע מיט איר אייגענער מאַגישער אַטמאָספער האָט די אַלגעמיינע ביאָלאָגישע אויפ־גאַבע צו שיצן קינדער קעגן דעם מעכטיק „ניכטערן" איינפלוס פון דערוואַקסענע, און צו לאָזן די קינדער לעבן צווישן זיך, מיט זיך, פאַר זיך אין זייער אייגענער וועלט פון נאַיוון שפּיל-באַוווסטזיין. אין די פאַרשיידענע פאַלן פון קינדער-נייראָזן, וואָס מיר האָבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך באַשריבן, האָבן מיר תמיד געזען דעם נייראָז

אויפטרעטן ביים איינזאמען אדער איינזאם געווארענעם קינד, וואס זייענדיק אפגעריסן אדער ארויסגעשטויסן פון דעם גרופן־שפיל, שטייט עם איינזאם, אומגעשיצט, אנטבלויזט קעגן דער ניכטערקייט־סטיכיע פון דערוואקסענע, וועלכע האמעוועז די שפּילערישע קינדיש־קייט און אזוי ארום קומט עס ביים קינד צו א קראנקמאכנדיקן שפּיל־דעפּיציט.

מיר ווילן איצט קורץ באשרייבן אייניקע כאראקטעריסטישע דערשיינונגען פונעם קינדס גרופן־לעבן, וואס באווייזן די טיפע ספּעציפישקייט פון דער קינדער־גרופּע און האבן אויך פּראקטיש א זייער וויכטיקע באדייטונג פאר דער היילונג און פארהיטונג פון נייראז, ווי אויך פאר דער דערציונג בכלל.

געהיימלעכקייט. די באשריבענע אייגנארטיקייט פון דער קינדער־גרופּע, וואס שיצט דאס איינצלנע קינד קעגן דער פארשלינגענדיקער סביבה פון דערוואקסענע, פירט צו א מין נאטירלעכער געהיימלעכ־קייט. ווי דורך א שטומען אפּרייד צווישן די קינדער ווערן מאנכע דערשיינונגען אין דער קינדער־גרופּע געהאלטן געהיים, קינדער דערציילן נישט וועגן אט די דערשיינונגען אפילו פאר סאמע נאענטע. מאנכמאל האבן קינדער דערביי (ווי מיר וועלן וויטער זען) א מין אינסטינקטיווע מורא, דאס פארהיימלעכטע פאר וועמען ס'איז אויסער דער קינדער־גרופּע צו אנטפּלעקן. די מייסטע דערשיינונגען אבער אין דער קינדער־גרופּע ווערן נישט דירעקט געהאלטן געהיים, נאר די קינדער האבן מייסטנס נישט קיין אינטערעס צו דערציילן דערפון פאר די דערוואקסענע, ווי יענע זענען מייסטנס אויך נישט אינטערעסירט זיך דערפון צו דערוויסן. אין די פאריקע קאפּיטלעך האבן מיר ביי פארשידענע פאלן געזען, ווי די לערער פלעגן זיך ערשט אין דער בעראטונג־שטעלע דערוויסן וועגן די פארשידענע קאנפליקטן אין דעם גרופישן שפּיל־לעבן פון די קינדער אין זייער שול, וואס פלעגן ערשט דורך אונזער ספּעציעלער פארשונג אויפגע־קלערט ווערן. ס'איז מערקווירדיק, וואס אויך דאמלס, ווי, למשל, אין די אויבן־באשריבענע (קאפּ. 4) פאלן מיט שפּאטישע צינעמע־נישן, ווען קינדער ראנגלען זיך אין פיינלעכע קאנפליקטן מיט דער גאנצער גרופּע, קלאגן זיי זיך זעלטן וועגן דעם פאר דערוואקסענע.

אזוי אָדער אַנדערש בלייבט דאָס גרופּישע קינדער-לעבן ווייניק באַקאַנט פאַר דערוואַקסענע, זייענדיק פאַר זיך אָפּגעשלאָסן אין אַ געוויסער נאַטירלעכער געהיימלעכקייט.

נייראָטישע פּירערשאַפט און געהיימע דעספּאָטיע. אין יעדער קינדער־גרופּע טיילט זיך אויס געוויינלעך דער פירער, וואָס איז דער איניציאַטאָר און טאָן-געבער פון די שפּילן. די סאָציאַלישקייט, ד. ה. די פעיקייט זיך איינצולעבן, צו ווירקן און באַווירקט צו ווערן אין דער גרופּע, איז ביי יעדן קינד אינדיווידועל פאַרשיידן. אויפן גרונט פון גענויע פאַרגלייכנדיקע פאָרשונגען האָבן מיר אין אַן אַנדער אָרט*) באַוויזן, אַז די סאָציאַלישקייט שטייט אין אַ באַשטימטער קאָרעליאַציע צו דער אַלגעמיינער אינטעליגענץ און קאָן דערפאַר דינען ווי אַן אינטעליגענץ-טעסט. אָבער שטייענדיק אין קאָרעליאַציע מיט דער אַלגעמיינער אינטעליגענץ, האָט די סאָציאַלישקייט, ווי יעדע פעיקייט, איר אייגענעם כאַראַקטער און איז אָפּהענגיק פון ספּעציעלער באַגאַבונג און טרענירונג. די פירער-נאַטור איז דער אויסדרוק פון שטאַרק באַגאַבטער סאָציאַלישקייט, ד. ה. פון דער פעיקייט צו ווירקן אין דער גרופּע. דאָ דערגרייכט די סאָציאַלישקייט די שטופע פון שעפערישער באַגאַבונג, ווען דאָס ווירקן פונם קינד אין דער גרופּע איז איניציאַטאָריש, אויפטועריש, וואָס אָרגאַניזירט און באַאיינפלוסט די גרופּע. דערפאַר וועט אין דער גרופּע זיין דער פירער נישט בלויז דער שטאַרקערער אָדער דער פלינקער, נאָר דער, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין סאָציאַלישקייט. אזוינע אייגנשאַפטן, ווי פיזישע קראַפט, פלינקייט א. ד. גל., קאָנען מיטווירקן, אָבער נישט אַנטשיידן ביי אויסוואַל פון דעם פירער.

אַנטשפּרעכנדיק דעם וועזן-אונטערשייד צווישן גרופּן־לעבן ביי קינדער און דערוואַקסענע, האָט די סאָציאַלישקייט ביי קינדער אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. ווייל די קינדער-גרופּע איז הויפּטזאַכלעך אַ שפּיל־גרופּע מיט אַ נאַיוון וועלט-באַנעם, איז ממילא אויך די סאָציאַלישקייט ביי קינדער אַ שפּילעריש נאַיווע, ווי רעאַלע און שפּי-

---

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל“, טייל II, קאַפּ. 2.

לערישע באציונגען זענען אינערלעך פארפלאכטן*). די קאמף-שפילן ווערן גענומען זייער ערנסט, און ביטער ערנסטע געשלגן האבן דאך א שפילערישן כאראקטער. די אין דער מאדערנער דערציונג איינגעפירטע פארמען פון זעלבסט-פארוואלטונג ביי קינדער, די פארשידענע קאמיסיעס און אמטן זענען אייגנטלעך א מין סאציאלער אונטעריכט, וואס האט, ווי יעדער אונטעריכט, די אויפגאבע אריינצופירן די קינדער פאמעלעך אין דער קולטור פון דערוואקסענע, אין אונזער פאל נעמלעך, אין די ראציאנעלע פארמען פון ארגאניזירטער געזעלשאפטלעכקייט ביי דערוואקסענע. ארגאניזירטע שפילן, ווי צונויפגערופענע קינדער-פארזאמלונגען זענען דורכויס קינסטלעכע, פון דרויסן, דורך דערוואקסענע, געשאפענע קינדער-גרופירונגען, וואס דארפן דורכמאכן פארגעלייגטע שפילן אדער באציונגען. אין דער נאטירלעכער קינדער-גרופע אבער זענען פירער און מיטגלידער טרעגער פון ספאנטאנער, קינדערשער, שפילעריש נאיווער סאציאלישקייט.

די פארבינדונג צווישן סאציאלישקייט, גרופן-לבן און שפיל דערקלערט אונז די קארעלאציע צווישן סאציאלישקייט און נערוועזישקייט. וואס גרעסער די סאציאלישקייט פון קינד, אלץ מער וועט ער זיך נויטיקן אין דער שפיל-גרופע, אלץ גרעסער וועט זיין דער שפיל-דראנג. אבער וואס גרעסער דער שפיל-דראנג, אלץ מער וועט דאס אויספעלן פון שפיל פירן צו דער פיינלעכער פוסטקייט, וואס ווערט דינאמיש געדעקט דורך נייראטישע אדער אנטי-סאציאלע רעאקציעס. און דא קומען מיר צום פראבלעם פון נייראטישן פירער.

ווען א קינד מיט באגאבטער סאציאלישקייט איז אן איינציק קינד אין דער היים און האט נישט קיין געלעגנהייט פון גרופן-שפיל, קאן ער באקומען א היים-נייראז. ער ווערט נערוועז אומרואיק, אומדיסציפלינירט אדער ער טיראניזירט די ארומיקע דערוואקסענע מיט אלערליי שיקאנעס. דאס איז א) פרימיטיווע אומגעצוימטע פירער-נאטור, וואס איז אגרעסיוו, צעשטערעריש און דעספאטיש. ווען אזא נייראטיש געווארענע קינד קומט אן אין שול, קאן

---

*) זע מיין בוך „נייע וועגן פון דער סאציאל פסיכאלאגיע" (דויטש), קאפ. 4.

עס דאָרט אין דער גרופּע ווערן אַ דעספּאָטישער פירער, וואָס וועט דעזאָרגאַניזירן אָדער גאָר טיראַניזירן די גרופּע. ביי געוויסע אומ־שטאַנדן קאָן דער קליינער דעספּאָט ווערן זייער ראַפינירט און באַקומען אַ פּאַטאַלע שליטה איבער דער גרופּע. די קינדער ווערן ווי פאַרכאַפּט און אונטערוואַרפן זיך אָן יעדן ווידערשטאַנד. דאָס מערק־ווירדיקע דערביי איז די געהיימלעכקייט — די קינדער האָבן אַ מין אינסטינקטיווע מורא צו קלאָגן זיך אָדער בכלל עמיצן דערפון צו דערציילן. טאַקע דערפאַר איז די דערשיינונג אַזוי ווייניק באַקאַנט באַר די דערציער. די קינדער טראָגן עס געהיים אין זיך און באַ־האַלטן דעם דערשיטערנדיקן איינדרוק אויפן גאַנצן לעבן. כ'וויל דאָ ברענגען אַן עקסטרעמען פאַל. אַ דערוואַקסענער, אַליין אַ דאָקטאָר, דערציילט (לויט דער זעלבסט־דערינערונגס־מעטאָדע):

ווען כ'בין אַלט געווען 6—7 יאָרן האָב איך געהיים געליטן אין שול פון אַ חבר, וואָס האָט געפּלאָגט מיך און אַנדערע קינדער פון דער גרופּע. ער האָט געהייסן איציק. כ'געדענק אים נאָך ווי היינט. אַ בלאַסער, מיט גרוילעך בלויע אויגן, דער קין פאַרשפּיצט, די ליפּן מיסטנס פאַרביסן. ער איז אַזוי פאַרעקשנט, זיכער און דרייסט, אַז שוין פון דעם ערשטן טאָג האָט ער באַקומען אויף אונז אַ שטאַרקן איינפלוס, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ גרע־סער. ווייל ער עפּיס פון איינעם, פינסירט ער אים שווייגנדיק מיטן שאַרפן בלויען בליק, הויבט אויף דראָענדיק אַ פויסט און וואַרפט אָן אַן אימה. מיר האָבן זיך אים אַלע (אין דער גרופּע) שטום אונ־טערגעוואָרפן. זייער אָפט פלעגט ער גאַנץ פרי, אויפן וועג אין שול, אויפלויערן די אָנקומענדיקע קינדער און „הייסן" זיי אָפּגעבן אים דאָס טאַשן־געלט אָדער אַזוי אַ שפּילעכל. אין שטומען שרעק פלעגט מען אים אָפּגעבן. אַמאָל פלעגט ער דערביי אונז אויסטאַפּן פאַמעלעך די קעשענעס, מיר פלעגן שטיין בשעת מעשה ווי געפּלעפטע, אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד. איינמאָל האָט מיר דער טאַטע געבראַכט פון וועג אַ מתנה — אַ שיין קינדיש מעסערל אין אַ פאַרביקן שיידל. ווי מיר האָט זיך נישט געוואָלט באַרימען מיט דעם פאַר די חברים אין שול, האָב איך עס דאָך מורא געהאַט צו ברענגען אַהין מחמת איציקן. האָט אָבער אַזוי פאַסירט: כ'בין אין יענער

צייט ארויסגעגאנגען איינמאָל פאַרנאַכט פון דער היים שפּאַצירן. צו מיין גרויסן שרעק האָב איך אויפן גאַס דערזען איציקן גיין אויף דעם אַנדערן טראָטואַר. ער האָט מיך באַמערקט און אַ ווונק געטון צו מיר. כ׳בין געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. ער איז צו מיר צוגע־גאַנגען, האָט מיר געהייסן מיט אים גיין. אין שטומען שרעק בין איך אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט מיך אַריינגעפירט ערגעץ אין אַ הויף, פון דאָרט — אין אַ גאָרטן. צווישן די ביימער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט אַריינגעלייגט די הענט אין מיינע קעשענעס, האָט געפונען און צוגענומען דאָס מעסערל. ס׳איז מיר פינצטער אין די אויגן, דאָס האַרץ פאַרקלעמט. כ׳בין ווי געליימט און קאָן די ליפּן נישט באַוועגן. ערשט ווען כ׳בין אין אָוונט געקומען אַהיים, האָב איך זיך פאַרקליבן אויף מיין בעטל און זיך ביטער צעוויינט. כ׳האָב זייער לאַנג געוויינט, גאָר נישט געקענט קומען צו זיך. די מאַמע האָט אין אַנגסטן גענומען פרעגן, וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט. „דאָס מעסערל" — האָב איך קוים צווישן די ציינער אַרויסגערעדט. כ׳האָב אָבער קיינעם נישט דערציילט וועגן איציקן, וואָס איז געווען די געהיימע פלאַג פון אונזער גאַנצער גרופּע".

גרופּן-אַנטאַגאָניזמען. מיר האָבן אין די פריערע קאַפּיטלען באַ־שריבן הויפּטזאַכלעך אַזעלכע פאַלן, ווו דאָס איינצלנע קינד קומט אין קאָנפליקט מיט דער גאַנצער גרופּע און ווערט דורכדעם אַרויסגע־שטויסן פונעם גרופּן־שפּיל. ס׳זענען אָבער פאַראַן אַנטאַגאָניזמען, וואָס פאַרכאַפּן די גאַנצע גרופּע. ס׳איז קודם כל דער אָפט פאָרקומענ־דיקער קאַמף פאַר פירערשאַפט צווישן קינדער מיט גלייכער אָדער ענלעך באַגאַבטער סאָציאַלישקייט, יעדער פון זיי פּרעטענדירט אויף הערשאַפט און רופט אַרויס געררייצטע אַמביציעס ביים צווייטן. אַזאַ קאַמף קאָן ביי געוויסע אומשטענדן דעזאָרגאַניזירן די גאַנצע גרופּע און אַרויספירן די קינדער פון שפּילערישן גלייכגעוויכט. נישט ווייניקער וויכטיק איז דער קאַמף צווישן פירערס פון פאַרשידענע גרופּעס. יעדער פירער מאָביליזירט זיין גרופּע קעגן דער צווייטער, ס׳צעפלאַקערט זיך אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן די גרופּעס, וואָס קאָנען זיך דעזאָרגאַניזירן קעגנזייטיק און צעשטערן דאָס נאָרמאַלע שפּיל-לעבן. ס׳קומט נישט זעלטן צו שווערע, נישט אומגעפּערלעכע

אינצידענטן. דורך דעם צו שווערן גראַנגל בשעת דער פויזע ווערן אָפטמאָל די קינדער, ספּעציעל די פירער, אומרואיק אויך בשעת די למודים אין קלאַס, שטערן דאָרט די אָרדענונג. ס'איז כאַראַקטער־ריסטיש, וואָס אין אַזוינע פאַלן ווייסט נישט געוויינלעך דער לערער די סיבה פונעם קינדס אומנאָרמאַלער אויפירונג אין קלאַס, ווייל דער לערער איז מייסטנס נישט באַהאַוונט אין דעם גרופּן־לעבן פון די קינדער בשעת דער פויזע. מערקט מען אָבער באַצייטנס די שווערע אַנטאַגאָניזמען, קאָן מען אָפט דורך אַ הייל־דערציערישן שמועס (מיט די פירער, מיט די גרופּעס אָדער מיט דעם גאַנצן קלאַס) באַרואיקן די צעפלאַקערטע געמיטער און נאָרמאַליזירן דאָס שפּיל־לעבן. פאַר ביידע צעקריגטע צדדים איז די לערער־שטימע אַ נייטראַלע, אַן אָביעקטיווע, וואָס האָט פיל שאַנסן צו ווירקן באַרואיקנדיק. אין שווערע פאַרנאַכלעסיקטע פאַלן איז אַמאָל אַפילו גוויטיק אריבערצופירן איינעם פון די פירער אין אַן אַנדער שול.

מיר ווילן דאָ ברענגען אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל פון אונזער גאָראָבטונג־שטעלע.

ברוך, 9 .9, פּאָלקשול־שילער, פערטער אָפּטיילונג. ער לערנט זיך גוט, איז פון די ערשטע שילער, נאָר דאָס לעצטע יאָר איז זיין אויפפירונג געוואָרן אומנאָרמאַל. בשעת די למודים אין קלאַס איז ער אָפט צעשטרייט, אומקאָנצענטרירט, אַגרעסיוו, שלאָגט זיך מיט די קינדער. אין דער היים איז ער אויך אימפּולסיוו, ווערט זייער לייכט אויפגערעגט. איינמאָל האָט ער אריינגעשטעקט דער קאַץ אַ האַנט אין מויל און אָנגעהויבן שטיקן, מאַנכמאָל שטיקט ער פליגן. ער האָט נאָר איין שוועסטערל, אויף פיר יאָר יינגער, מיט וועלכער ער קאָן זיך נישט שפּילן. ביי דער נאָכפאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שול הערשט אַ פאַרביסענער אַנטאַגאָניזם צווישן צוויי גרופּעס מיט אָפטע אויפרייצנדיקע געשלעגן, וואָס פירן אַרויס ברוכן פון גלייכגעוויכט. אין איין גרופּע איז ברוך דער פירער, אין דער צווייטער גרופּע איז דער פירער אַ יינגל אַ שוואַכער, נאָר אַ באַ־רימער מיט אַ היציקער פאַנטאַזיע. ער באַרימט זיך, אַז ער געהערט צו אַ „באַיוווקע", אַ חברה קריסטלעכע יינגלעך, און ער וועט יענע ברענגען צו הילף ביים געשלעג. ברוך טענהט, אַז ער האָט געמאַכט

זיין גרופּע כּדי צו שיצן זיך קעגן יענע „לאַבּוסעס". די מוטער האָט אָבּסערווירט אַ געשלעג צווישן די גרופּעס, ווען זי איז צופעליק געשטאַנען אויף אַ בּערגל נעבן גאָרטן. זי באַשרייבּט עס אַזוי. אין גאָרטן איז געווען אַ גרופּע יינגלעך מיט זייער פירער, דעם בּאַרימער. מיטאַמאָל איז אָנגעקומען בּרוך מיט זיין גרופּע. די קינדער פון דער פיינטלעכער גרופּע האָבּן אָנגעהויבּן איבּערופן בּרוכן מיט אַ שפּאָטישן צונעמעניש. בּרוך האָט זיך זייער אויפגערעגט (דער צונאָמעניש האָט אים שטענדיק דערנערווירט), זיין גרופּע האָט געכאַפּט זאַמד, שטיינדלעך און שרייענדיק געוואָרפן, יענע גרופּע האָט געענטפערט. אָפּטמאָל ענדיקט זיך אַזאַ געשלעג טרויעריק. איינמאָל איז בּרוך געקומען מיט זיין גרופּע אין גאָרטן, די קינדער פון דער פיינטלעכער גרופּע האָבּן זיך אָנגענומען בּיי די הענט און פאַרשטעלט בּרוכן דעם וועג. מ'האָט זיך אָנגעהויבּן שיטן מיט זאַמד. אין מיטן געשלעג האָט בּרוך געכאַפּט אַ שטיין און געוואָרפן עמיצן פון יענער גרופּע אין קאָפּ. די קינדער האָבּן שפּעטער אַרויפגעטראָגן דעם שטיין צום לערער אין שול און זיך געקלאָגט אויף בּרוכן. אָבּער ניט די קעגנער און ניט בּרוך האָבּן ניט דערציילט די לערער קיין וואָרט וועגן די גרופּעס, אויך שפּעטער האָבּן די לערער קיין אָנונג וועגן די גרופּעס ניט געהאַט, כאָטש אין משך פון דער צייט זענען פאָרגעקומען שווערע אינצידענטן. געהייצט דורך דעם צונעמעניש, געהעצט און דערנערווירט דורך די רייסערייען, איז בּרוך געוואָרן אומרואיק אין קלאַס. נאָר אָט האָט זיך די לאַגע מיט אַמאָל ראַדיקאַל געענדערט. דער בּאַרימערישער פירער איז מחמת איניקע סיבּות אַריבּער אין אַן אַנדערער שול, זיין גרופּע האָט זיך פון זיך זעלבּסט אויפגעלייזט, ס'האָבּן אויפגעהערט די רייסערייען און בּרוך איז געוואָרן רואיקער אין קלאַס. צייטנווייז פלאַקערן נאָך אויף רייסערייען, דער לאַנג געשטערטער גרופּן-שפּיל אין שול איז נאָך ניט גאַנץ אויפגעריכט. אָבּער אויך אין דער היים האָט בּרוך ניט מיט וועמען צו שפּילן. ער לייענט זייער פיל (פאַנטאַזיע-שפּיל פאַרבּייט דאָ דעם פעלנדיקן האַנדלונגס-שפּיל). דער אָפּט פאָרקומענדיקער שפּיל-דעפיציט ווערט געדעקט דורך נערוועזער אימפּולסיווישקייט. אַ חוץ דער מעטאָדישער אויפריכטונג פון גרופּן-שפּיל אין דער שול, מוז

מען זאָרגן פאַר שפּיל-מעגלעכקייט אין דער היים, לאָזן אים איינ־לאַדן צו זיך חברים, ברענגען אין פאַרבינדונג מיט קינדער-קלובן א. ד. גל.

פּסיידאָ־שפּיל-האַלוצינאַציעס. די אויבן באַשריבענע נאַיוויש־קייט פונעם קינדס פאַנטאַזיע, ביי וועלכער פאַנטאַזיע-בילדער ווערן איבערגעלעבט ווי עכטע ווירקלעכקייט, ווערט זייער אויפאַלנדיק און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ האַלוצינאַציע*), ווען אַ קינד רעדט אָדער שפּילט מיט אויספאַנטאַזירטע חברים. דאָס פּאַסירט געמלעך ביי איינציקע קינדער אין פאַר-שול־עלטער, ווען זיי באַזוכן נישט קיין קינדער-גאָרטן. מאַנכע קינדער מיט באַגאַבטער פאַנטאַזיע שאַפן זיך אין דמיון אַ גרופּע קינדער, שטעלן „זיי" אויס אין חדר און שפּילן זיך מיט זיי ווי מיט לעבעדיקע.

מיר האָבן שוין אויבן (קאַפּ. 6) דערמאָנט די צוויי קאַטעגאָריעס פון פאַנטאַזיע־שפּיל און האַנדלונגס-שפּיל. דער האַנדלונגס-שפּיל איז דראַמאַטיש און קומט פאָר אין דער גרופּע, דער פאַנטאַזיע-שפּיל איז אינדיווידועל. אַט די ביידע אַרטן פון שפּיל, יעדער אויף זיין נאַטירלעכן שטייגער, קומען פאָר נאָרמאַל ביי יעדן קינד אין פאַר־שידענער מאָס לויט נייגונג און סיטואַציע. ווען אַ קינד האָט פון נאַטור אַ שטאַרקע טרוימערישע נייגונג, אָדער ס'האָט נישט די מעגלעכקייט פון האַנדלונגס־שפּיל אָדער די סיטואַציע איז בכלל מער אָנרעגנדיק פאַר דער טרוימערישער פאַנטאַזיע — אין אַזוינע פאַלן פאַנטאַזירט דאָס קינד פאַר זיך, לעבט זיך אויס אין מעשהלעך, אין טרוימען, אין לאָקנדיקע בילדער. עלטערע קינדער לייענען לייענ־שאַפטלעך. ס'איז דורכויס אַ נאַטירלעכער, נאָרמאַלער פאַנטאַזיע־שפּיל, וואָס דערגאַנצט און קאָמפּענסירט דעם האַנדלונגס־שפּיל. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער, ווען דער דראַנג נאָך גרופּישן האַנדלונגס-

*) דער אונטערשייד פון האַלוצינאַציע איז נישט כאָר, וואָס בײם קינד זענען פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט פאַרפלאָכטן, נאַר אויך איז בײם קינד שוין דאָ אַ שימער אָדער אַן אָנהויב פון דעם זיך פאַמעלעך אַנטוויקלענדיקן חוש פאַר רעאַלישקייט אָדער פאַר דער אונטערשייד צווישן רעאַלישקייט און בילד.

שפּיל איז אַזוי טיף, אַז ווען דאָס איינזאַמע קינד מוז אויסקומען מיט פאַנטאַזיע-שפּיל, לאָזט עס די פאַנטאַזיע שאַפן בילדלעך אַ גרופּע פון קינדער און עס שפּילט זיך מיט „זיי” ווי מיט לעבעדיקע. דאָ גייט שוין דער פאַנטאַזיע-שפּיל אַרויס פון זיינע נאַטירלעכע גרענעצן, פון זיין איינענער מיט זיך צופרידענער פאַנטאַזיע־וועלט און זוכט דורך בילדלעכער פּראָיעקציע אין דער אויסערער וועלט פאַרבייטן אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן די פעלנדיקע רעאַלע שפּיל-גרופּע. ס'איז אין אַ גרויסער מאָס אַ ווידערנאַטירלעכער פאַנטאַזיע-שפּיל. ווי ביים אָנאַניזם פאַרבייט די פאַנטאַזיע־געשטאַלט דעם נאַטירלעכן סעקסועלן פּאַרטנער, אַזוי פאַרבייטן דאָ די וויזיאָנערע געשטאַלטן די נאַטירלעכע שפּיל-פּאַרטנערן. דער אָנאַניזם איז אויף דעם אופן אַ סעקסועלע פּסידאָ-שפּיל־האַלוצינאַציע. מ'מוז דערפאַר די פּסידאָ-שפּיל־האַלוצינאַציע בכלל באַטראַכטן ווי אַ מין אומנאַטירלעכן שפּיל־אָנאַניזם, וואָס מוז דרינגענד געהיילט ווערן דורך דער שאַפונג פון אַ נאַטירלעכן גרופּן־שפּיל פאַרן קינד. אין די „ווייסע נעכט” שילדערט דאָסטאָיעווסקי די דערמאָנטע דערשיינונג פון אַלגעמיינעם (נישט סעקסועלן) שפּיל-אָנאַניזם ביי אַ דערוואַקסענעם, וואָס לעבט גאַנצע טעג פּאַסיוו, איינזאַם אין אומפּרוכטבאַרע דראַמאַטישע וויזיעס און ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער אומנאַטירלעך פּאַסיוו און אַסאָציאַל.

מיר וועלן איצט ברענגען צוויי כאַראַקטעריסטישע פאַלן.

רבקה 3½ יאָר, אַן איינציק קינד אין דער היים, שפּילט אָפט מיט קינדער, געשאַפענע פון איר פאַנטאַזיע, וואָס „שטייען” אַרום איר אינעם חדר. זי גיט די קינדער באַשטימטע נעמען און לאָזט זיי פאַרנעמען באַשטימטע ערטער אינעם חדר. די קינדער זענען דאָ נאָר בשעת דער שפּיל. „ווען כ'גיי אַוועק”, זאָגט זי, „זענען זיי נישטאָ”.

אַניאַ, 4 יאָר, דאָס יינגסטע קינד אין הויז (איר עלטערע שוועסטער איז 14 יאָר אַלט). זי האָט אָבער אַ טרייע, אומזיכטבאַרע חברטע, וואָס זי האָט זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל געשאַפן אין איר פאַנטאַזיע. כמעט יעדן טאָג אינדערפרי קומט זי אין ווינקעלע פון איר קינדער־צימער, וווּ אַרום אַ קליינעם טישעלע וואַרט שוין איר

חברטע. „גוט מאָרגן, לילאָצקע!‟. אַזוי רופט זי איר חברטע. אַניע באַגריסט זי פרייליך, באַוויזט איר די שפילערלעך, פאַרפירט אַ לעבעדיקן שמועס און שפּילט מיט איר לוסטיק אומגעצווונגען. ווען זי איז ענדלע פריילינג אוועקגעפאָרן מיט די עלטערן אויף אַ זומער־וווינונג, איז זי פאַר דעם אוועקפאָר אריין אין יענעם ווינקעלע און האָט דאָרט ביים טישעלע איינגעלאַדן לילאָצקען פאָרן מיט איר צו־זאַמען. נאָכדעם האָט אַניאַ אנידערגעזעצט די חברטע מיט זיך אויפן וואָגן און דעם גאַנצן וועג אכטונג געגעבן אויף איר.

קאפיטל 9.

# די רעפאָרם־לערע וועגן דער פּויזע

ביי היינטיקן טאָג איז נאָך זייער פאַרשפּרייט די טענדענץ צו קלערן, דאָס דער שפּיל איז ווייניקער וויכטיק ווי די „ערנסטע" אַרבעט, די פרייע טרוימערישע פאַנטאַזיע — ווייניקער ווי דאָס שטרענגע לאָגישע דענקען. און קינדער, וואָס זענען אַזוי פאַרכאַפּט פון שפּיל און פאַנטאַזיע, זענען בלויז „אומרייפע" מענטשן. אינעם פּסיכאָאַנאַליז, למשל, איז „אינפאַנטיל" (קינדיש) גלייכבאַדייטנדיק ווי „פּרימיטיוו". אָט די טענדענץ האָבן מיר באַצייכנט אַלס „חיסר"-טענדענץ*), ווייל זי באַטראַכט פאַנטאַזיע, שפּיל און קינדהייט ווי אַ „ווייניקער-זיין" פון דער פאַרזענלעכקייט. ס'קומט נאָך דעם אויס, אַז די פּויזע, ווען קינדער פאַרנעמען זיך מיט פרייע שפּילן און זענען „בלויז" קינדער, אָט די פּויזע איז ווייניקער וויכטיק ווי דער אונטעריכט, ווען קינדער אַרבעטן און לערנען. די פּויזע איז נאָר, הייסט דאָס, אַן אָפּרו, אַ ווייניקער-פאַרנומען-זיין, אַ ווייניקער-אויפטון. אָט די חיסר-טענדענץ האָט געבראַכט דערצו, דאָס אין יעדער שול זענען אַלע דערציערישע אָנשטרענגונגען קאָנצענטרירט אויף דעם אונטעריכט, בעת די פּויזע איז גאָר פאַרנאַכלעסיקט. די לערער גיבן אָפּ זייער מי און צייט הויפּטזאַכלעך פאַר דעם אונטעריכט אין קלאַס. די שול האַלט כסדר אַן אויג אויף די אונטעריכט-פּראָצעסן, קאָנטראָלירט און רעגיסטרירט די אָנטיילנעמונג פון קינד אינעם אונטעריכט, זיינע ענטפערס און רעאַקציעס. אָבער זייער ווייניק באַאָבאַכטעט מען די שפּיל-פּראָצעסן בשעת דער פּויזע. ס'זענען נאָך אפילו נישט אויסגעאַרבעט

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל" טייל 1, קאַפּ. 1.

וועלכע ס'איז אַלגעמיינע מעטאָדן פאַר אַזאַ סיסטעמאַטישער באָאָבאַכטונג. ביי גענויער נאָכפאָרשונג אָבער מוז מען גלייך איינזען, דאָס גראָד די שפּיל-פּראָצעסן און זייער פאַרלויף בשעת דער פויזע האָבן אַ טיפערע ווירקונג אויף דעם פּסיכישן לעבן פון קינד ווי דער אונטעריכט, דאָס, נעמלעך, די שפּיל-שטערונגען בשעת דער פויזע קאָנען אַרויסרופן ביים קינד נייראָטישע אָדער אַנטיסאָציאַלע רעאַקציעס.

דער צוזאַמענהאַנג פון שפּיל און נייראָז איז אַזוי געזעצמעסיק, דאָס ביי יעדן פאַל פון קינדער-נייראָז קאָן מען ביי מעטאָדישער נאָכפאָרשונג (ווי מיר האָבן עס אויבן באַשריבן), געפינען די אַנטשפּרעכנדיקע שפּיל-שטערונג בשעת דער פויזע, וואָס איז די סיבה אָדער די באַדינגונג פונעם נייראָז. ווייל די דערציער ווייסן ווייניק וועגן דער פויזע, זענען זיי דערפאַר אַזוי אומבאַהאָלפן קעגן דעם קינדער-נייראָז. די אומנאָרמאַלע האַלטונג פון אַ קינד בשעת דעם אונטעריכט קאָן זיין אַ רעזולטאַט אָדער אַן אָפּקלאַנג פון דער פויזע, אויף וועלכער מ'מוז עס אייגנטלעך איינווירקן. אין די אויבן באַשריבענע פאַלן האָבן מיר געזען, ווי אָפט די דערציער פלעגן זיך ערשט אין דער אַמבולאַטאָריע דערוויסן וועגן די אומגעאַכטעטע און דאָך פאַטאַלע (פאַרן קינד) געשעענישן בשעת דער פויזע.

אונטער „פויזע" פאַרשטייען מיר די אָפּרו-הפסקה אין דער שול-אַרבעט. מ'דאַרף אונטערשיידן צווישן שול-פויזע און אויסערשול-פויזע. די ערשטע קומט פאָר צווישן די אונטעריכטס-שעהן אין שול, ווען דאָס קינד שפּילט די פרייע צייט אין דער שול-גרופּע. די אויסערשול-פויזע איז די פרייע צייט נאָך דער שול (וואָס ווערט פאַרמינערט און געטיילט דורך די שול-אויפגאַבן אין דער היים), ווען דאָס קינד שפּילט אין דער היים-גרופּע אָדער אין דער גאַס-גרופּע. באַזונדערש וויכטיק איז די שול-פויזע, ווייל בלויז דאַמאָלס וויקלען זיך אָפּ די פרייע באַציונגען און שפּילן פון דער שול-גרופּע, וועלכע איז צווישן די פאַרשידענע גרופּעס פון קינד די שטענדיקסטע און די מעכטיקסטע. די שפּיל-שטערונגען פון דער שול-פויזע ברענגען צו דער שול-נערוועזישקייט (נייראָז „B"), וואָס קאָן שעדיקן אָדער מאַכן גאָר אוממעגלעך די שול-אַנטוויקלונג פונעם קינד. פון

טרויסער באַדייטונג איז אָבער אויך די אויסער-שול-פויזע. ווי די שפּיל-שטערונגען ברענגען צו היים-אָדער גאַס-נערוועזישקייט (נייראָז „A" און „C") מחמת דער אָרגאַנישער אינטימישקייט פון דער היים-גרופּע קאָן די היים-נערוועזישקייט ברענגען אפשר ווייניקער אויפפאַלנדיקע, אָבער דערפאַר טיפערגראָבנדיקע פּסיכישע שעדיקונגען (ווי מיר האָבן עס אויבן קאַפּיטל 1. געזען ביי מיראַן). ס'קאָן אויך פאַרקומען אַ קאָמבינירטער נייראָז, וואָס באַווייזט זיך ביים קינד סיי אין דער היים, סיי אין שול (נייראָז „AB"), אַט די אַלע קינדער פאַרהאַלטן זיך רואיק איין אַמבולאַטאָריע, ד. ה. אין דער אויסער-שול-גרופּע פון דערוואַקסענע. ס'זענען אָבער פאַראַן אַזוינע קינדער, וואָס ווייזן ארוים אויך אין אַמבולאַטאָריע (זע סוף קאַפּיטל 4) נייראָטישע אויפרעגבאַרקייט-נייראָז „D". פון די 44 נייראָטישע קינדער, וועלכע מיר האָבן באַהאַנדלט אין אונזער וואַרשעווער אַמבולאַטאָריע אין משך פון קנאַפּע 6 חדשים (15.2—15.8), זענען: 21 „A", 13 „B", 8 „AB", 1 „AD", 1 „DB".
דאָס באַווייזט אונדז קלאָר די סאָציאַלע שיידונג פון די נייראָזן, וועלכע אַנטשטייען דורך שפּיל-שטערונגען אין דער שול-פויזע אָדער אין דער אויסער-שול-פויזע.

דערמאָנען מיר, דאָס אַזוי ווי קינדער שפּילן הויפּטזאַכלעך אין גרופּעס, איז די מעגלעכקייט פון שפּיל ביים קינד אָפּהענגיק פון דעם קינדס שטעלונג צו דער גרופּע. אַ פיזיש שוואַכער יינגל, למשל, וואָס ווערט אָפט געשלאָגן פון שטאַרקערע און קאָן נישט צוריקשלאָגן, ווייסט אויס אַנגסטלעך די שפּילנדיקע גרופּע און פאַראורטיילט זיך זעלבסט אויף שפּיללאָזע איינזאַמקייט.*) דאָס זעלביקע איז

*) אונזער אויספיר, אַז נייראָטישע אָדער אַנטי-סאָציאַלע האַנדלונגען, אַנטשטייען אין דער פויזע, בשעת דער פרייער שפּיל-צייט, שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט די ספּעציעלע פאָרשונגען ביי קרימינעלע קינדער. אַזוי האָט פּראָפעסאָר בורט אין לאָנדאָן דורך גענויע סטאַטיסטישע פאָרשונגען געפונען, דאָס די מייסטע קרימינעלע טאַטן ביי יוגנטלעכע קומען פאָר אין די אַלע יום-טוב-טעג אָדער אין די רו-שעהן פון וואָכן-טעג. ס'איז זייער אויפפאַלנדיק, זאָגט ער, וואָס די יוגנטלעכע קרימינעלישקייט

אויך נוגע אַ קינד מיט אַ געשעדיקטן פּרעסטיזש אין דער גרופּע (דורך אַ שפּאָטישן צונעמעניש אָדער אַ שלעכטן רוף), וועלכן קינדער לאָזן נישט צו צום גרופּן-שפּיל, אָדער ער אַליין וויכט זיי אויס.*) אָדער אַן אַמביציעזע, אַגרעסיווע נאַטור, וואָס די גרופּע איזאָלירט זיך פון אים מיט געמיינזאַמע כחות. דאָס זעלביקע איז אויך, ווען אַ קינד איז איבערגעוואַקסן אָדער נישט דערוואַקסן צו דער שול-גרופּע פון זיין קלאַס, גראָד אין אַזוינע איינגנשאַפטן, ווי שפּיל און דערציבאַרקייט**), וואָס לאָזן נישט דאָס קינד איינלעבן זיך אין דער גרופּע און נעמען אַ געהעריקן אָנטייל אינעם גרופּן-שפּיל. אָדער דאָס קינד האָט אַן אומנאָרמאַלן שפּיל-חשק און קאָן זיך נישט איינלעבן און דער צו „סאָלידער״ פאַר אים שול-אַטמאָספער. אין אַלע אַזוינע און אַנדערע ענלעכע פאַלן ברענגט די אומגינסטיקע שטעלונג פונעם קינד אין דער גרופּע צו אַ ניירעטיש ווערנדיקער איינזאַמקייט אָדער צו אַ קראַנקמאַכנדיקער שפּיללאָזיגקייט. אָט אַזוי זעען מיר, דאָס נאָר בשעת דער פּויזע, ווען קינדער זענען זיך זעלבסט איבערגעלאָזן און זענען נישט געבונדן דורך פּראָגראַם, קלאַסן-דיסציפּלין און לערער, — קומט פריי צום אויסדרוק דאָס נאַטירלעכע גרופּן-לעבן פון די קינדער. נאָר דעמאָלט, בשעת דער פּויזע, וויקלען זיך אָפּ די פרייע באַציונגען, ראַנגלענישן און שפּאַנונגען צווישן די פאַרשידענע קינדער-גרופּעס, ווי אויך צווישן מיטגלידער פון דער זעלביקער גרופּע. ס׳קומט אויס, אַז אין דער פּויזע ווערט נישט נאָר אַנטוויקלט דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון קינד, זיינע נייגונגען און מאַנירן פון געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר אויך פּאַסירן גראָד בשעת דער פּויזע די סאַמע דראַמאַטישע קאָנפליקטן און געשעענישן אינעם שול-לעבן פון די קינדער. די פּויזע

---

איז (מיט זעלטענע אויסנאַמען) באַגרענעצט אויף דעם שפּעטן נאָכמיטאָג אין דעם אָוונט. אָט דער „אויפפאַלנדיקער״ פאַקט ווערט אָבער אויפגעקלערט דורך אונדזערע דערמאָנטע שפּיל-פאָרשונגען (פּראָפ. בורט, „דהי יאַנג דעליקווענט״, קאַפּ. 4, לאָנדאָן 1925).

*) זע אויבן, קאַפּ. 1.

**) זע אויבן, קאַפּ. 3 און 5.

איז דער הויפט-קוואַל פון אינטימע איבערלעבונגען ביים קינד, פון זיין פרייד און ליידן, מוט און אנטמוטיקונג.

דער גרופן-שפיל, וואָס איז די נאָרמאַלע פונקציע פון דער פּויזע, דריקט אין אַלגעמיין אויס די עמאָציאָנאַל-שעפערישע כחות פונעם קינד. ערשטנס, איז דער שפּיל פאַרבונדן מיט דער פרייער שעפערישער פאַנטאַזיע, מיט וועמענס הילף בלויז דאָס קינד קאָן פאַרשטעלן זיך און אַנדערע אין פאַרשיידענע שפּיל-סיטואַציעס. צווייטנס, איז דער שפּיל די סאַמע ליידנשאַפטלעכע טעטיקייט, וואָס רופט און דריקט אויס די סאַמע טיפע, שטורמישע און פאַרכאַפּנ-דיקע געפילן פון קינד. אויף וויפל דער אונטעריכט איז וויכטיק פאַר דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון קינד, פאַר דער צופאַ-סונג צום עקזיסטענץ-קאַמף, אויף אַזוי פיל איז דער פּויזע-שפּיל וויכטיק פאַר דער סאָציאַלער דערציונג פון קינד, פאַר דער אַנט-וויקלונג פון עמאָציאָנעל-שעפערישע כחות. אינעם אונטעריכט אַנטפּלעקט זיך די פערזענלעכקייט פון קינד אין די ענגע ראַמען פון דיסציפּלין און פּראָגראַם, פון ראַציאָנעל צוגעפּאַסטער אַרבעט, אין דער פּויזע אָבער אַנטפּלעקט זיך די פערזענלעכקייט מער אומבאַ-גרענעצט אין פרייען שפּיל דורך פרייען אויסוואַל פון גרופּע, פון ראָליע און שפּיל-מאַניער. די פּויזע איז אויף דעם אופן אַ מער-זיין פון דער פערזענלעכקייט, ווען ס'ווערן אַנטוויקלט די אינטימערע שעפערישע כוחות פונעם קינד.

און דאָ קומען מיר איצט פון אַן אַנדער זייט צו דעם פריערן אויספיר. פאַר אינטימע געפילן איז נעמלעך כאַראַקטעריסטיש,*) וואָס זייער פאַרווירקלעכונג ברענגט עקסטאַטישע פרייד און זייער פאַרלעצונג איז אַ טראַגישע שיקזאַלהאַפטע דערשיטערונג פאַרן מענטשן. טאַקע דערפאַר, וואָס ניש״ט דער אונטעריכט, נאָר די שפּיל-פּויזע אַנטוויקלט די אינטימע שעפערישע כוחות פונעם קינד, פירן גראָד די שטערונגען פון דער שפּיל-פּויזע צו ניידאַטישע דערשיטע-רונגען פונעם קינדס פּסיכישן לעבן.

אונזער לערע פון דער פּויזע, אַלס אַ פעריאָד פון אינטימערע

---

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל״, טייל 1, קאַפּ. 6.

דערציונגס-מעגלעכקייטן, איז גלייכצייטיק אַ רעפאָרם-לערע, ווייל זי פאַרלאַנגט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציונג צו דער פּויזע. ווי דער שלאָף ביינאַכט, אַזוי מוז דער שפּיל בשעת דער פּויזע האָבן פאַר זיך גענוג צייט און פּאַסיקע תּנאים, וועלכע די שול מוז מיטן גאַנצן ערנסט אָרגאַניזירן. די שול-פּעדאַגאָגן מוזן זיך אַנטשיידן קאָנצענטרירן אויף דער שפּיל-פּויזע, פאַרשטיין און דערציעריש אויסנוצן איר אינטימע ווירקונג אויפן קינד, ווי אויך באַצייטנס פאַרהיטן און אויסגלייכן די נערוועז מאַכנדיקע שטערונגען פון דער שפּיל-פּויזע. ווען פאַר די קעגנשטאַנדן פון אונטעריכט זענען פאַראַן אייגיקע לערער, מוז זיין אויסגעווילט אַ ספּעציעל צוגעגרייטער דערציער אַלס שפּיל - אויפזעער, וועלכע מוז זיין טעאָרעטיש און פּראַקטיש גרינדלעך באַהאַוונט אין דער סאָציאַלער קינדער-פּסיכאָלאָגיע, ד. ה. אין דער וויסנשאַפט וועגן דעם גרופּישן שפּיל-לעבן ביי נאָרמאַלע און אומנאָרמאַלע קינדער. דער שפּיל-אויפזעער דאַרף נישט זיין קיין שפּיל-לערער אָדער שפּיל-לייטער, וואָס זאָל זיך אַריינמישן און דורכדעם שטערן דעם נאַטירלעכן גאַנג פון פרייע שפּילן. אָרגאַניזירטע אָדער בכלל פון לערער באַאיינפלוסטע) שפּילן קאָנען נישט פאַרבייטן די פרייע שפּילן פון קינדער. מיר רעדן נאָר וועגן אַ געשולטן שפּיל-אויפזעער, וואָס זאָל, ווי אַ גערטנער ביי בלומען, אַכטונג געבן אויף דעם נאַטירלעכן שפּיל לעבן פון קינדער און פאַרהיטן אָדער אַרויסהעלפן ביי אַ שווערן פאַל.

דער שפּיל-אויפזעער זאָל האָבן פאָלגנדיקע פונקציעס:

אָריענטירונג. ווו בשעת דעם אונטעריכט ווילן די לערער דורך שמועסן און ספּעציעלע פּרוּוונגען וויסן, צי און מיט וועלכן דערפאָלג דאָס קינד לערנט, אַזוי מוז מען בשעת דער פּויזע סיסטעמאַטיש אַכטונג געבן, צי און ווי אַזוי שפּילן די קינדער. אַזוי ווי דער שפּיל איז אַזוי וויכטיק פאַר דער עמאָציאָנעלער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון קינד, איז די שול פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּויזע און מוז דערפאַר טעגלעך האָבן אַ גענויע ליסטע וועגן די שפּילן פון די גרופּעס און זייערע איינצלנע מיטגלידער. ס'דאַרפן אָנגעווענדט

ווערן צוויי סכעמעס, ווי די ביילינגדיקע, — איינע פאַר דער אַלגע־מיינער באַאָבאַכטונג פון די גרופּעס בשעת דער פּויזע (סכעמע נ. 1), די צווייטע פאַר דער באַאָבאַכטונג פון איינצלנע קינדער און זייער פאַרהאַלטן זיך זין די גרופּעס בשעת דער פּויזע (סכעמע נ. 2). די ערשטע דאַרף אָנגעווענדט ווערן טעגלעך און אויף דעם אופן געבן אַ באַגריף וועגן דעם פאַרלויף פון דעם אינטים־שפּילערישן גרופּן־לעבן פון שול, ווי אויך וועגן דער צאָל און דעם כאַראַקטער פון די איינזאַמע קינדער. די צאָל איינזאַמע אָדער שפּיללאָזע קינדער בשעת דער פּויזע איז די צאָל פון שווערע קינדער־טראַגעדיעס, פאַר וועלכע די שול איז מאָראַליש און פעדאַגאָגיש פאַראַנטוואָרטלעך. די צווייטע סכעמע ווערט אָנגעווענדט פאַר יענע איינצלנע קינדער, וואָס ווייזן אַרויס אַן אומנאָרמאַלע האַלטונג בשעת דעם אונטעריכט, און מ'מוז דערפאַר ספּעציעל נאָכפאָרשן זייער אויפירונג אין דער שפּיל־גרופּע בשעת דער פּויזע. דער שפּיל־אויפזעער דאַרף קענען כאַראַק־טעריזירן די גרופּע לויט איר שפּיל, ווי אויך די איינצלנע מיטגלידער פון דער גרופּע לויט ראָליע און מאַניר. צוליב דעם דאַרף מען זיך באַנוצן מיט די נייע פּרינציפּן פון שפּיל־פאָרשונג, ווי זיי זענען קורץ באַשריבן און דעמאָנסטרירט אינעם צווייטן טייל פון מיין בוך „חלום און שפּיל".

גרופּירונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַאָבאַכטנדיקער און רעגיסטרירנדיקער פונקציע, קומט גלייכצייטיק די אַקטיווע פונקציע ביי דער פּויזע. אַזוי ווי נישט אַלע קינדער קאָנען זיך איינלעבן אין דער גרופּע, און מאַנכע בלייבן איינזאַם אויסער דעם גרופּן־שפּיל, דאַרף דער שפּיל־אויפזעער אין יעדן איינצלנעם פאַל אויסגעפינען די סיבה פון דער איינזאַמקייט און אַנטשפּרעכנדיק אַרויסהעלפן. ביי דער קאָעדוקאַציע־שולע, למשל, דאַרף מען זען, אַז די קינדער פון יעדן געשלעכט זאָלן זיין אין אַזאַ צאָל, אַז זיי זאָלן קאָנען בילדן אַ שפּיל־גרופּע פאַר זיך, לויט זייערע ספּעציעלע אינטערעסן. אָט אַזוי דאַרף מען לייגן אַכט אויף קינדער, וואָס זענען מחמת וועלכע ס'איז סיבות געבליבן זיצן אַן איבעריק יאָר אין קלאַס און קאָנען זיך דערפאַר נישט איינלעבן צווישן די איצט יינגערע קלאַס־חברים. אָפּטמאָל דאַרף מען זיך מיט זיי פאַרנעמען, ווי מיט קינדער פון

אַ העכערן שפּיל־עלטער. אין אַלגעמיין אָבער איז די מעגלעכקייט פון גרופּן־שפּיל ביי יעדן קינד אָפּהענגיק פון זיין פּרעסטיזש אין דער גרופּע. דער שפּיל־אויפזעער מוז שטיין אויף דער וואַך בשעת דער פּויזע און שאַפן באַצייטנס אַ דערציערישן שוץ פאַר דעם קינדס פאַרשעדיקטן אָדער באַדראָטן פּרעסטיזש.

קאָאָרדינאַציע פון אונטעריכט און פּויזע. מיר האָבן אויבן (אין פאַרשידענע באַשריבענע פאַלן) געזען, ווי דורך שטערונגען בשעת דער פּויזע פירן זיך קינדער אומנאָרמאַל בשעת דעם אונטעריכט און שטערן דאָרט די אָרדענונג. ווי נאָר ס'איז געלונגען צו באַזייטיקן יענע שטערונגען פון דער פּויזע, האָט זיך ראַדיקאַל נאָרמאַליזירט די האַלטונג פונעם קינד בשעת דעם אונטעריכט. פון דער אַנדערער זייט, האָבן מיר, למשל, דורך אַ דערציערישן שמועס בשעת דעם אינטעריכט געקענט באַזייטיקן די שטערונג פון דער פּויזע (זע קאַפּיטל 3). מיט דער הילף פון אַזוינע קעגנזייטיקע ווירקונגען קאָן מען אויפהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט צווישן אונטעריכט און פּויזע. די קאָאָרדינאַציע ווערט נאָך פאַרטיפט דורך דעם פּרינציפּ פון אַרבעט־שפּיל־באַלאַנס. אַזוי ווי יעדע אַרבעט האָט אירע שפּיל־עלעמענטן און יעדער שפּיל האָט זיינע אַרבעט־עלעמענטן — דאַרף דער באַלאַנס פון שפּיל זיך באַציען ניט נאָר אויף די שפּילן פון דער פּויזע, נאָר אויך אויף די שפּיל־עלעמענטן פון דעם אונטעריכט. כדי אויסצומיידן אַ שפּיל־דעפיציט דאַרף מען דערפאַר אַנטשפּרעכנדיק קאָאָרדינירן פּויזע און אונטעריכט. ווען די פּויזע איז גענוג גרויס און פול פאַרנומען מיט פרייע שפּילן, קאָן דער אונטעריכט זיין מער אָנשטרענגענדיק. איז די פּויזע צו קנאַפּ און די פרייע שפּילן זענען געשטערט, מוז דער אונטעריכט זיין מער שפּילעריש. די פאַרגלייכנדיקע באַאָבאַכטונג פון דער האַלטונג פון די קינדער בשעת פּויזע און אונטעריכט גיט אָביעקטיווע שטיץ־פּונקטן פאַר דער באַלאַנס־רעגולירונג.

ספּעציעלע אויפגאַבן. דער שפּיל־אויפזעער וועט בשעת דער פּויזע האָבן ספּעציעלע אויפגאַבן כדי צו באַזייטיקן די פאַרשידענע שטערונגען פון שפּיל־לעבן. פאַררופנדיק זיך אויף די פריערדיקע קאַפּיטלען, ווע֗לן מיר דאָ נאָר קורץ סומירן: 1) שוץ פון שוואַכע.

די פיזיש שוואכע קינדער, וואָס ווערן אָפטמאָל געשלאָגן פון די חברים, מיידן אויס אין אַנגסטן די שפּיל-גרופּע און בלייבן איינזאַם. דער שפּיל-אויפזעער דאַרף אומבאַמערקט פאַר אַנדערע נעמען זיי אין שוץ. מיר האָבן אויבן (קאַפּיטל 1) געזען, אַז ס'איז גענוג אין אַזוינע פאַלן די איינמאָליקע פאַרזיכערונג פון דער לערערין און איר אָנוועזנהייט בשעת דער פויזע, אַז דאָס קינד זאָל זיך באַפרייען פון דעם אַנגסט און אַריין אין דער שפּיל-גרופּע. 2) שוץ פון פּרעסטיזש. דורך אַ שפּאַטישן צונעמעניש אָדער אַ שלעכטן רוף ווערט געשע-דיקט דער פּרעסטיזש פון קינד און ס'קומט צו זיין אויסשלוס פון דער שפּיל-גרופּע. דער שפּיל-אויפזעער קאָן עס באַזייטיקן, ווי מיר האָבן געזען (אויפן קאַפּ. 4), דורך אַן אויפקלערענדיקער אונטער-האַלטונג אויף אַ פּרייער קינדער-פאַרזאַמלונג, אָדער מיט דער הילף פון אַ דערציערישן שמועס דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקן לערער אין קלאַס. 3) באַהאַנדלונג פון העכערן שפּיל-עלטער, אַ קינד מיט העכערן שפּיל-עלטער קאָן זיך נישט אויסלעבן אין דער שפּיל-גרופּע פון זיין קלאַס און ווערט דורך דעם אומדיסציפּלינירט. דער שפּיל-אויפזעער דאַרף אים לאָזן (אָדער אפילו שאַפן די געלעגנהייט) שפּילן מיט עלטערע קינדער פון אַנדערע קלאַסן, אָדער דורך פּאַסיקע מכשירים אים געבן די געלעגנהייט צו אינטענסיווע שפּילן מיט קלאַס-חברים אונטער זיין פירערשאַפט, דאָס איז דער פירער-פּרינ-ציפּ, ווי מיר האָבן עס באַשריבן (קאַפּ. 3). 4) באַהאַנדלונג פון העכערן דערציבאַרקייט-עלטער. קינדער מיט אַזאַ אייגנשאַפט פילן זיך אין שול ווי געפאַנגען און ווערן אַגרעסיוו קעגן לערער און חברים. די גאַנצע שול-אַטמאָספער ווערט פאַר אַזוינע קינדער פיינ-לעך אומפריי און דורכדעם פאַרלירן אויך די שול-שפּילן דעם רייץ פון נאַטירלעכער פרייהייט. דאָ מוז דער שפּיל-אויפזעער צוזאַמען מיט אַנדערע לערער דורכפירן די אויבן באַשריבענע (קאַפּ. 4) אַסיסטענץ-מעטאָדע און שייד-געריכט-מעטאָדע. 5) באַהאַנדלונג פון „אומדיסציפּלינירטע". אַזוינע קינדער האָבן אַן אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל-דראַנג און זיי קאָנען זיך נישט איינלעבן אין דער צו „סאָליי-דער" (פאַר זיי) שול-גרופּע. דאָ דאַרף מען אין די ראַמען פון קלאַסן-לעבן שאַפן אַ געלעגנהייט פאַר אַנטשפּרעכנדיק אינטענסיווע שפּיל-

רייען מיט דער מעגלעכער אָנווענדונג פונעם פירער־פּרינציפּ. אַפּהענ־
גיק פון באַגאַבונג און דערציִונג וועט אָבער דער אומנאַרמאַלער שפּיל־
הגדאַנג האָבן אין יעדן פאַל זיין אייגענע ריכטונג, און וועט מוזן
דערפאַר ספּעציעל באַהאַנדלט ווערן, ווי מיר האָבן עס אויבן
(קאַפּ. 6) באַשריבן. 6) שוץ קעגן אַנטאַגאָניזמען. מען מוז נעמען
אין באַט די נישט זעלטן פאַרקומענדיקע אַנטאַגאָניזמען צווישן מיט־
גלידער פון דער גרופּע (אָדער צווישן פאַרשידענע גרופּעס), וועלכע
קענען ביי געוויסער פאַרשאַרפונג שעדיקן דאָס נאַטירלעכע שפּיל־
לעבן. פון באַדייטונג איז אויך די מאַנכמאָל גרויזאַמע דעספּאָטיש־
קייט פון געוויסע פירער־נאַטורן צווישן די קינדער אין דער גרופּע.
מאַנכער פירער קאָן אַזוי ראַפינירט באַהערשן די קינדער, אַז זיי
אונטערוואַרפן זיך אים אָן ווידערשטאַנד און האָבן אַפילו מורא
וועגן דעם עמיצן צו דערציילן (געהיימע דעספּאָטיע). אָט די אַלע
דערשיינונגען, וואָס לאָזן זיך אָבסערווירן הויפּטזאַכלעך בשעת דער
פּויזע, קאָנען שטאַרק דעמאָראַליזירן דאָס גרופּן־לעבן און מוזן
בייצייטנס דערציערישׁ רעגולירט ווערן.

שפּיל־רעזערוו. מחמת די אינדיווידועלע פאַרשידנקייטן
און אָפּווייכונגען פונעם שפּיל־דראַנג ביי פאַרשידענע קינדער דאַרף
די שול האָבן אַ גרויסן רעזערוו פון שפּיל־געלעגנהייטן און שפּיל־
מכשירים. זענען, למשל, דאָ אין דער שול קינדער, וואָס זייער
שפּיל־דראַנג גייט אין דער ריכטונג פון אַ גרויסן וואַנדער־אינ־
סטינקט, דאַרף מען אָרגאַניזירן אַנטשפּרעכנדיקע אויספלוגן. יעדע
שולע מוז האָבן שעהן פאַר ריטמישער גימנאַסטיק און טאַנץ, וואָס
זאָל אָבער נישט געפירט ווערן (ווי ס'געשעט געוויינטלעך) דורך
אַ זייטיקן לערער, שאַבלאָן־אַרטיק, איין שעה פאַר אַלע קינדער. דער
שפּיל־אויפזעער מוז דאָ אַריינטראָגן זיינע דירעקטיוון צו דיפערענ־
צירן („דאָזירן") ריטמיק און טאַנץ לויט דעם שפּיל־באַדאַרף פון
פאַרשידענע גרופּעס. פאַר קינדער, למשל, מיט איבערגעלאָדענעם
שפּיל־דראַנג קאָן מען דורך אַנטשפּרעכנדיק אינטענסיווע טאַנץ־
שעהן שאַפן אַ געהעריקן אויסוועג.

גרופּן־דיפּוזיע. די שול מוז נעמען אין אַכט די אויסער־שול־
פּויזע, נעמלעך, דאָס שפּיל־לעבן פון קינד אויסער דער שול אין דער

היים. אַ שטאַרקער שפּיל־דעפּיציט אין דער היים קאָן מאַכן צו גרויס דעם שפּיל־באַדאַרף פֿונעם קינד אין דער שול־פּויזע, אָדער יענער דעפּיציט וועט זיך דעקן מיט היים־נערוועזישקייט, וואָס קאָן ביי שטאַרקער אינטענסיווקייט זיך אָפּשפּיגלען אויך אויפֿן שול־לעבן. פֿון דער אַנדער זייט, קאָן אומגינסטיקע דערציונג אין דער היים־גרופּע מאַכן דאָס קינד אַזוי אַסאָציאַל, אַז עס זאָל נישט קענען (ווי, למשל, דער פֿאַרוויינטער בן־יחיד)*) אין דער שול זיך איינלעבן אין וועלכער ס'איז שפּיל־גרופּע און וועט בלייבן איינזאַם. אָט די איינזאַמקייט וועט צוגעבן צו דער היים־נערוועזישקייט אויך אַ שול־נערוועזישקייט. אין שווערע פֿאַלן וועט דער שפּיל־אויפֿזעער מוזן באַזוכן דאָס קינד אין דער היים, אָדער איינלאַדן די עלטערן צו זיך און מיט זייער הילף אָרגאַניזירן פֿאַרן קינד אַ שפּיל־אַטמאָספֿער אין דער היים. אין דער הינזיכט איז זייער וויכטיק איינצופֿירן פּעריאָדישע שפּיל־פֿאַרזאַמלונגען (אין די נאָך־שול־שעהן) פֿון קלאַס־חברים ביי איינעם פֿון די שילער, יעדע וואָך אָדער יעדע צוויי וואָכן ביי אַן אַנדערן שילער. אַחוץ די שפּילן זעלבסט ווירקן דאָ אויך די שפּאַנענדיקע עלעמענטן פֿון צו־גאַסט־קומען און גאַסט־אויפֿנעמען, מיט דער שפּילעוודיקער פֿרייד פֿון „כּיבוד״. דאָס וואָלט אין אַ גרויסער מאָס און אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן ממלא געווען אַ שפּיל־דעפּיציט אין דער היים, וואָלט יעדנפֿאַלס אָפּגעפֿרישט אַ גרויע היים־אַטמאָספֿער און וואָלט דערביי אַריינגעטראָגן אַהין די שטאַרקע דיסציפּלינירנדיקע עלעמענטן פֿון דער שול־סביבה. בכלל קאָן דער שפּיל־אויפֿזעער אָנווענדן די אויבן אָנגעדייטעטע (קאַפּ. 2) דיפֿוזיע־מיטלען כּדי צו רעגולירן די קעגנזייטיקע ווירקונגען פֿון פֿאַרשידענע גרופּעס.

איצט גיבן מיר די אויבן דערמאָנטע סכעמעס פֿאַר דער שפּיל־אונטערזוכונג פֿון גרופּעס און איינצלנע קינדער בשעת דער פּויזע.

---

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל״, טייל 2, קאַפּ. 1.

## סכעמע נומ. 1.

אויף אונטערזוכן דאָס אַלגעמיינע שפּיל-און גרופּן-לעבן פון קינדער בשעת דער פּויזע.

1. נאָמען פון פאָרשער
2. דאַטע
3. טאָג־צייט
4. שטאָט
5. שול
6. צאָל קינדער: יינגלעך מיידלעך
7. עלטער: פון ביז
8. קריסטאַליזאַציע-צייט*)
9. צאָל פון געבילדעטע גרופּעס
10. כאַראַקטעריסטיק פון יעדער גרופּע (צאָל יינגלעך און מיידלעך, דער פירער, קאַמף פאַר הערשאַפט)
11. כאַראַקטעריסטיק פון גרופּן-שפּיל:
    א) שפּיל-אינהאַלט (הויפּט-מאָטיוו, נעבן־מאָטיוון)
    ב) שפּיל-ראָלן
    ג) שפּיל-ניואַנסן
    ד) שפּיל־פאַרלויף
    ה) שפּיל-אָפּשלוס
12. צאָל „אומדיסציפּלינירטע" קינדער
13. כאַראַקטעריסטיק פונעם אומדיסציפּלינירטן קינד
14. צאָל איינזאַמע קינדער
15. כאַראַקטעריסטיק פון איינזאַמען קינד:
    א) פאַרהאַלטן (פּאַסיווער באַאָבאַכטער, וואַנדערער צווישן גרופּעס, אָרדענונג-שטערער, אָפּגעשלאָסן אין זיך)
    ב) סיבות פון איינזאַמקייט (פיזישע שוואַכקייט, אָפּגע־

*) ד. ה. די צייט, וואָס נעמט צום אָנהויב פון דער פּויזע ביי קינדער, ביז זיי קריסטאַליזירן זיך אויס אין שפּילנדיקע גרופּעס.

שטאַנענקייט, דעפּרעסיוּוקייט, שעמעוודיקייט, שפּיל־עלטער, דערציבאַרקייט־עלטער, פאַטאַלע סאָציאַלע איינגנשאַפטן, דערציערישע סיבות).

## סכעמע נומ. 2.

אויף אונטערזוכן דאָס שפּיל־און גרופּן־לעבן פון איינצלנע קינדער בשעת דער פּויזע.

1. נאָמען פון פאָרשער
2. דאַטע
3. טאָג־צייט
4. שטאָט
5. נאָמען פון קינד
6. עלטער פון קינד
7. שול
8. אָפּטיילונג
9. צאָל קינדער: יינגלעך מיידלעך
10. עלטער: פון ביז
11. שפּילט דאָס קינד בשעת דער פּויזע?
12. אין וועלכער גרופּע?
    א) עלטער פון די קינדער אין דער גרופּע: פון ביז
    בּ) געשלעכט: יינגלעך מיידלעך
    ג) כאַראַקטער (שטאַרקערע אָדער שוואַכערע גרופּע)
    ד) דער אינהאַלט פונעם גרופּן־שפּיל
13. וואָס פאַר א ראָליע שפּילט דאָס קינד אינעם גרופּן־שפּיל?
14. שפּיל־פאַרלויף און שפּיל־אָפּשלוס ביים קינד
15. אויב דאָס קינד שפּילט נישט, וואָס טוט עס בשעת דער פּויזע? וואָס איז די סיבה פון זיין איינזאַמקייט?
16. אויב דאָס קינד איז אומדיסציפּלינירט, ווי ווירקט עס אויף זיין פאַרהאַלטן בשעת דעם גרופּן־שפּיל?
17) צי ווערט ער קאָנצענטרירט ביים הערן א מעשהלע, דורך א באַשטימטן שפּיל, א נייער סיטואַציע אָדער א באַליבטער באַשעפטיקונג (צייכענען, פיזישע ארבעט א. ד. גל.)?

1

# אינטימע פסיכאָלאָגיע פון דער קינדהייט

ביי דער באהאנדלונג פון קינדער-נייראָזן, ווי מיר האָבן עס קאָנקרעט באשריבן אינעם פאָרליגנדיקן בוך, זעט מען קלאָר דעם אויבן דערמאָנטן מעטאָדישן און זאכלעכן אונטערשייד צווישן פסיכאָ-אַנאַליז און דער מענטש-וויסנשאפט. ווען דער פסיכאָ-אַנאַליז באטראכט פאַקטיש די אונטערדריקונג פון פרימיטיוו-סעקסועלע אינסטינקטן אלס סיבה פון נייראָז און באנוצט זיך מיט דער ספעקולאטיווער „אויסטייטש-מעטאָדע", זעט די מענטש-וויסנשאפט אלס הויפּט-סיבה פון נייראָז די לאַנגוויל, דאָס אויספעלן פון אינדיווידועלן שפּיל, און באנוצט זיך מיט דער מעטאָדע פון פסיכאָ-עקספּעדיציע, ד. ה. פון סיסטעמאַטיש אריינדרינגען אין דער פסיכישערווירקלעכקייט, וועלכע מיר מוזן אָביעקטיוו באשרייבן אין איר פולגעשטאלטיקער גאַנצקייט.

איצט ווילן מיר אויפקלערן די אַלגעמיינע גרונט-אַנשויונג, פון און צו וועלכער ס'קומען די פאַרשידענע אויפפאַסונגען פון נייראָזן.

א) די אינטימע איבערלעבענישן אין פעריאָד פון וואקסן

ס'איז אפשר דער וויכטיקסטער אויספיר פון אַלגעמיינער באַדייטונג אין דער מאָדערנער פאָרשונג פון נערוועזן מענטשן, דאָס די נייראָטישע שטערונגען ביי דערוואקסענע שטאַמען פון נישט דערליידיקטע פּסיכישע קאָנפליקטן אין די קינדער-יאָרן. די דאָזיקע קאָנפליקטן פון דער קינדהייט קאָנען דענערווירן דעם מענטשן דאָס גאַנצע שפּעטערע לעבן און מוזן ביי דער היילונג (פונעם דערוואקסענעם נייראָטיקער) אויסגעגליכן ווערן. ס'קומט אוים ביי נאָענטער באטראַכטונג, אַז די קינדער-יאָרן זענען נישט בלויז די פּאָרגאַנגנהייט, נאָר דער בלייבנדיקער פונדאַמענט פון דער פּער-

זענלעכקייט, אַ פונדאַמענט, וואָס איז פאַרשטעקט טיף אין באָדן, אָבער אויף וועלכן ס'שטייט און האַלט זיך דער גאַנצער בנין פון דער פערזענלעכקייט. מיר קרענקען און לײַדן אַ גאַנץ לעבן צוליב די קאָנפליקטן פון אונזער קינדהייט אָדער, פאַרקערט, מיר געניסן אין די רייפע יאָרן די אינערלעכע זיכערקייט אויף דעם פעסטן באָדן פון דער האַרמאָניש דורכגעלעבטער קינדהייט, וואָס צעמענטירט אינערלעך דעם מענטשן אין משך פון לעבן. דער שיקזאַל פון דעם דערוואַקסענעם איז, הייסט דאָס, אין אַ גרויסער מאָס באַשטימט און כאַראַקטעריזירט דורך דער איבערגעלעבטער אָבער שטענדיק ווירקנדיקער קינדהייט. די אָנשויונג אויף דעם וועזן פון דער קינדהייט איז אַזוי אַרום אַנטשיידנדיק פאַר דער פסיכאָלאָגיע פון דערוואַקסענע, פאַר דער פסיכאָלאָגיע בכלל.

און דאָ קומען מיר צו אַ גרויסן שייד־וועג אין דער מאָדערנער פאָרשונג.

ביז אין דער לעצטער צייט איז אין דער פסיכאָלאָגיע פאַרשפּרייט די טענדענץ צו קלערן, אַז דאָס קינד איז בלויז אַן אומרייפער, „נאָך נישט" אַנטוויקלטער מענטש. מיר האָבן עס אין אַן אַנדער אָרט באַצייכנט אַלס „חיסרון־טענדענץ", ווײַל דאָ ווערט די קינדהייט באַטראַכט ווי אַ ווייניקער־זײַן פון דער פערזענלעכקייט. אין דער הינזיכט זענען טאַקע כאַראַקטעריסטיש די מאָדערנע טעאָריעס פון נייראָזן, וואָס מיר וועלן נאָר קורץ דערמאָנען. לויט דעם פסיכאָ־אַנאַליז קומט אויס, דאָס די נויטיקע דערציערישע אונטערדריקונג פונעם קינדס פּרימיטיווע אינסטינקטן (ספּעציעל פון זײַן אויפוואַכנדיקער סעקסואַלישקייט, וואָס איז פּרימיטיוו־אינצעסטועז, אויף וויפל די עלטערן זענען די אָביעקטן פון זײַן סעקסואַלישקייט) טראָגט אין זיך גופא די געפאַר פון נייראָזן. דאָס שוואַכע און נאָך נישט פאַרמירטע „איך" קאָן נישט בייקומען דעם שטורעם פון זײַנע געפילן סײַדן נאָר דורך אונטערדריקונג, וואָס פירט צו קומענדיקע נייראָזן און קרענקלעכע נייגונגען.*)

---

*) זע דאָס לעצטע ווערק פון פרויד: „נײַע פאָלגע דער פאָרלעזונגען צור איינפירונג אין די פּסיכאָ־אַנאַליזע", ווין, 1933, לעקציע 6.

אדלערס אינדיווידואל-פסיכאָלאָגיע קומט פון אַן אַנדער זייט צו דער שוואַכקייט פון קינד. אַזוי ווי דאָס אומבאַהאָלפענע קינד איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די עלטערן, וועלכע זאָרגן פאַר זיין עקזיסטענץ און קאָנטראָלירן זיין אויפפירונג, הויבט אָן דאָס קינד זייער פרי צו דערקענען זיין רעלאַטיווע שוואַכקייט צווישן דערוואַקסענע. דאָס קינד באַקומט, לויט דער אינדיווידואַל-פסיכאָלאָגיע, אַ מינדערווערטיקייט-געפיל, וואָס קאָן ביי פאַרשידענע אומשטאַנדן פירן צו ניוראָטישע אָדער אַנטי-סאָציאַלע רעאַקציעס.

די ביידע טעאָריעס, ווי אַנדערע ענלעכע, זעען אין דער קינדהייט הויפּטזאַכלעך די אומרייפקייט, אָפּהענגיקייט און שוואַכקייט פון אַ „נאָך-נישט" אַנטוויקלט זיין. די קינדהייט גופא אין איר נאַטירלעכן פאַרלויף טראָגט אין זיך די קאָמפּליקאַציע פון ניוראָז. („אינפאַנטיל" (קינדיש) איז דאָ אַ סינאָנים פון „פרימיטיוו".)

אויב די קינדהייט איז הויפּטזאַכלעך אַ פרימיטיווע פאַר-שטופע פון די רייפערע יאָרן, איז דאָך ממילא די הויפּט-טעטיקייט פון קינד, דער שפּיל, אַ פרימיטיווער אָנהויב פון דער הויפּט-טעטיקייט ביי דערוואַקסענע, נעמלעך פון דער ערנסטער „אַרבעט". אַזוי קומט טאַקע אויס לויט דער פאַרשפּרייטער טעאָריע פון גראָס, אַז דער שפּיל איז ביים קינד אַ צוגרייטונג אין מיניאַטור צו די שפּעטערע לעבנס-פונקציעס פון דערוואַקסענע. לויט סטענלי האָל ווערן אין דעם שפּיל אויסגעלעבט די פרימיטיווע נייגונגען פון מענטשן, וואָס זענען געירשנט פון די אַמאָליקע אור-צייטן.*)

אָט די אַלע חיסר-טעאָריעס פאַרזען דאָס וועזנטלעך-גראַנדיעזע אין דער קינדהייט, וואָס האָט אין אַלע צייטן געמאַכט די קינדהייט אַזוי מעכטיק צויבערלעך פאַר די אַרומיקע דערוואַקסענע. איז דאָך די קינדהייט דער אויסשליסלעכער פעריאָד פון אויפבלי, וווּקס און אַנטוויקלונג. טעאָרעטיש און פּראַקטיש האָט מען נאָך ביז אַהער אין דער וויסנשאַפט ווייניק געפאָרשט און אָפּגעשאַצט די אַזוי דערשיטערנדיקע איבערלעבעניש פון וואַקסן, וואָס קומט פאָר ביים קינד מיט אַזאַ אומגעהויערן טעמפּ און פאַרנעם. בלויז אין דער קינדהייט

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל", טייל 2, קאַפּ. 5.

האָט מען דאָך די לחלוטין איינציקאַרטיקע, ווונדערלעך איבעראַשנ-
דיקע און פאַרשכורנדיקע איבערלעבעניש פון אַ שטענדיק זיך באַ-
נייען, פון שטענדיק מער, גרעסער און מעכטיקער ווערן, פון כסדר
אויפקומענדיקע נייע אויפברויזנדיקע כחות. דער אורטימלעכער
דראַנג פון פלאַצנדיקע קנאָספּן באַקומט ביים קינד פסיכישן אויס-
דרוק אינעם אויפברויזנדיקן לעבנס-געפיל אָדער לעבנס-באַוווסטזיין,
וואָס דערמאָנט דאָס גריכיש-מיטאָלאָגישע בילד פון דער דיאָניזיש
פאַרשכורנדיקער שאַפונגס-פרייד. ס'ווירקן דאָ צוויי מאָמענטן.
ערשטנס, דאָס שטענדיקע ווערן, דאָס זיך שאַפן און איבערשאַפן.
דאָס כסדרדיקע וואַקסן פון פיזישע און פסיכישע כוחות, רופט אַרויס
ביים קינד עקסטאַטישע שאַפונגס-פרייד. צווייטנס, ווערן ביים וואַקסן
כסדר געוועקט און אויסגעדריקט די סאַמע אָרגאַנישע און אינטימע
שעפערישע פּאָטענצן פון דער פּערזענלעכקייט. די קינדהייט איז (אין
פאַרגלייך מיט די רייפערע יאָרן) נישט נאָר אַ מער-זיין, נאָר אין דער
איינציקער פעריאָד ביים מענטשן פון עקסטאַטישער אינטימער שעפע-
רישקייט. מאַקע דערפאַר הערשט דער שפּיל אינעם לעבן פון קינד,
ווייל ס'קלעקט נישט פאַרן קינד די „שוין" געגעבענע ווירקלעכקייט,
נאָר זיין עקסטאַטישער שאַפונגס-דראַנג פאַרלאַנגט אָרגאַניש דעם
עלאַסטישן שפּיל, וווּ מ'קאָן אַלע ווילע שאַפן נייע סיטואַציעס און
זיך אומגעשטערט פאַרוואַנדלען אין אַלערליי ראָליעס. דער קינדער-
שפּיל איז (אַנטשפּרעכנדיק צום קינדס נאַטור) אַ פּערמאַנענטע שאַ-
פונג, אויף וויפל סיטואַציעס און ראָליעס האַלטן זיך כסדר מיט
דעם כח פון דער שפּיל-פאַנטאַזיע און זענען פליסנדיק און בויגזאַם
פאַר דער כסדר שאַפנדיקער און איבערשאַפנדיקער קינדער-פאַנטאַזיע.
אָט איז דאָס שפּילנדיקע קינד אַ רויבער, אָט אַ פּאָליציאַנט, אָט
אַ פייערלעשער, אָט...

דער שאַפונגס-אימפּעט פון דעם וואַקסנדיקן קינד (ד. ה. פון
דעם שטענדיק זיך באַנייענדיקן) פאַרכאַפּט אַזוי טיף זיין וועלט-
געפיל, אַז פאַר אים איז רעאַל בלויז דאָס שפּילערישע, ד. ה. דאָס
אומבאַגרענעצטע שאַפן-קאָנען און דאָס זיך-שאַפן-לאָזנדיקע. אָבער
דאָס שפּילדיקע קינד שטעלט זיך נישט אָפּ אויך פאַר דער „האַר-
טער" ווירקלעכקייט. די שפּיל-פאַנטאַזיע צעשמעלצט אויך טויטע

קעגנשטאַנדן און פֿאַרוואַנדלט זיי אין אַלערליי שפּיל-געשטאַלטן. אַזוי קען אַ קינד, רייטנדיק אויף אַ שטעקל, פֿאַרוואַנדלען עס אין אַ פֿערד, אַ צוג, אַן עראָפּלאַן א. ד. גל. אויף דעם אופֿן קומט דאָס וווּנדערלעכע, וואָס דאָס קינד שפּירט אומיטלבאַר די רעאַלישקייט פֿון שפּיל און דאָס שפּילערישע פֿון דעם רעאַלן. דאָס איז דער מאַגישער כאַראַקטער פֿון קינדס שפּיל, ווו פֿאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט ווערן אין אַ גרויסער מאָס צונויפֿגעגאָסן.

ווי מיר זען, איז דער שפּיל די נאַטירלעכע פֿונקציע און אָרגאַנישע אַנטפּלעקונג פֿונעם קינדס עקסקלוזיוו-שעפֿערישער נאַטור. קינד-זיין הייסט שפּילן-קאָנען. ביים אויספֿעלן פֿון אינדיווידועלן נייטיקן שפּיל, ווערט אונטערדריקט דער אָרגאַנישער שאַפֿונגס-אימפּעט פֿונעם קינד. ס'קומט צו אַ פֿיינלעכער פּוסטקייט (אויסגעלאָשנקייט אָדער אָפּגעלאָזנקייט), ביי וועלכער דאָס קינד קאָן איצט נישט מער באַהערשן די פֿריער גוט באַהערשטע נייראָטישע אָדער אַנטי-סאָציאַלע נייגונגען, וואָס ווערן איצט אימפּולסיוו אויפֿגעוואַכט און אויסגענוצט, כדי צו דעקן די פֿיינלעכע פּוסטקייט. דער נייראָז איז, הייסט דאָס, אַ רעזולטאַט נישט פֿון דער נאַטירלעכער, נאָר פֿון דער אומנאַטירלעכער קינדהייט, פֿון נישט גענוג קינד-זיין, פֿון נישט שפּילן קאָנען (שפּיל-דעפֿיציט).*)

*) אויף דעם אופֿן זען מיר פֿאַרשידענע פּסיכישע קוואַלן אין דער קינדהייט. די נאָרמאַלע קינדהייט ווערט באַהערשט דורך אָרגאַניש-אינטימער שעפֿערישקייט און דריקט זיך אויס אין פּראָדוקטיווע גרופּן-שפּילן, וועלכע מיר באַצייכענען אויך אַלס אינטימע, ווייל זיי וועקן די אינטימע שעפֿערישע כּחות פֿון קינד און אַנטוויקלען גלייכצייטיק דעם אויפֿבויענדיקן גרופּישן אינסטינקט. ביים אויספֿעלן פֿון פּאַסנדיקן גרופּן-שפּיל קומט עס דורכן שפּיל-דעפֿיציט צו דער אימפּולסיווער אויפֿוואַכונג פֿון פּרימיטיווע כּחות אָדער קרענקלעכע דיספּאָזיציעס, וואָס געפֿינען דעם אויסדרוק אין דעסטרוקטיווע צוואַנג-שפּילן פֿון נייראָטישע און אַנטי-סאָציאַלע אימפּולסן. אָבער שוין פֿון די פֿריסטע קינדער-יאָרן הייבט זיך אָן ביים קינד פּאַמעלעך אַנטוויקלען דער חוש און די באַדערפֿעניש פֿאַר רעאַלער צופּאַסונג.

דאָס געזאָגטע לאָזט זיך גענויער פאָרמולירן: אין צוזאַמענהאַנג מיט די דערשיטערנדיקע איבערלעבענישן פון וואַקסן, פונעם כסדר־דיקן זיך שאַפן און איבערשאַפן פון נייע כחות, ווערט דאָס קינד דורכגעדרונגען פון אַן אָרגאַנישן שאַפונגס־אימפּעט. נישט נאָר הערשט די פרייע פאַנטאַזיע איבער דער פּראַקטישער, נאָר די פרייע פאַנטאַזיע זעלבסט האָט אַ מאַגישן כאַראַקטער, ד. ה. די פאַנטאַזיע־בילדער ווערן איבערגעלעבט ווי אַן עכטע ווירקלעכקייט. ס'קומט אויס, אַז נאָר אין די קינדער־יאָרן טרעפן מיר דאָס וואַגן און קאָנען, דעם דראַנג און מוט פון פרייער שעפערישקייט, וואָס דורכ־דרינגט אונז אינעם שפּיל מיט דער נאַטירלעכער עכטקייט פון רעאַלישקייט. אין די קינדער־יאָרן איז יעדער מענטש אַ שעפעריש וועזן, וואָס לעבט אין אַ וועלט פון וויזיעס און פאַרוואַנדלט וויזיאָ־נעריש די אַרומיקע וועלט. נאָר אין די רייפערע יאָרן ווערט דער מענטש לויט קאָנקרעטע מעגלעכקייטן פאַרווירקלעכן בלויז אַ טייל פונעם אַמאָליקן שעפערישן דראַנג. די קינדהייט איז אַזוי אַרום די קוועלע און דער רעזערוואַר פון פּאָטענציעלע שעפערישקייט בײַם מענטשן.

---

פאַר ערנסטער „אַרבעט", וואָס קומט נישט נאָר אין די שול־למודים, נאָר אויך אין ספּאָנטאַנע „אַרבעט"־פּרותן. די אַרבעט, די פּראָדוקטיווע און די דעסטרוקטיווע שפּילן דריקן אויס אין אַלגעמיין די דריי פאַרשידענע (ווען אויך אָרגאַניש פאַרבונדן) קוועלן פון פּסיכישן לעבן: דאָס נאָרמאַל־באַוווסט זיין, דאָס ספּעריש־אינטימע און דאָס ספּעריש־פּרימיטיווע - פּסיכיש לעבן. נאָר די לאַנגזאַמע אַנטוויקלונג פונעם חוש פאַר רעאַלער אַרבעט בײַם קינד, די אומדיפערענצירטקייט פון זיין פּסיכיש לעבן, דאָס פאַרכאַפּנדיקע איבער־לעבעניש פון וואַקסן, פון כסדר זיך באַנייען, די ווירקזאַמע (ביי נאָר־מאַלע תנאים) גרופּן־שפּילן — דאָס אַלץ פירט דערצו, אַז בײַם קינד הערשט אָרגאַניש דאָס שעפערישע ספּעריש־אינטימע פּסיכישע לעבן, וואָס האָט נאָר בײַם קינד דעם ספּעציפיש מאַגישן כאַראַקטער, ווען רעאַליש־קייט און פאַנטאַזיע זענען נאָך אומדיפערענצירט צונויפגעגאָסן (זע אויבן קאַפּ. 7).

ב) דאָס אינטימע אַנטקיוולונגס-וועזן (מוטער-שפּראַך, פאָלקס-שפּראַך און דיכטער-שפּראַך).

די גענויערע פאָרשונג פירט אונז פיל ווייטער. ס'ווייזט זיך גלייך אַרויס, דאָס נישט נאָר די טרעניטע שעפערישקייט, נאָר אויך די איבערלעבונגען פון דער קינדהייט זענען דער סאַמע אַנט-שיידנדיקער קערן פון אונזער גייסטיקן לעבן אין די שפּעטערע יאָרן. מ'קאָן עס טיפער און אָביעקטיווער פאַרשטיין אויף אַזאַ קאָנקרעטער דערשיינונג, ווי שפּראַך.

ווי באַקאַנט, אָבסערווירן מיר בײַם קינד פאַרשידענע שטופן פון שפּראַך-אַנטוויקלונג — אָנהויבנדיק פון דעם פּעריאָד פון אומ-אַרטיקולירטן רעדן ביז צו די שפּעטערע פאַרשידענע שטופן פון זאַץ- און סטיל-אַנטוויקלונג. פיל אַנטשיידנדיקער אָבער פאַר די שפּעטערע יאָרן איז אין דער קינדהייט די פון אונז באַצייכנטע אינ-טימע שפּראַך-אַנטוויקלונג. יעדעס וואָרט האָט אַ חוץ זײַן אָביעק-טיווער, באַשטימטער אָדער איבערזעצבאַרער הויפּט-באַדייטונג נאָך אַ גאַנצע ריי פון אומקלאָרע, קוים באַשטימבאַרע און שווער איבער-זעצבאַרע נעבן-באַדייטונגען. אָבער גראָד אָט די נעבן-באַדייטונגען מאַכן ערשט דאָס וואָרט פאַרן מענטשן „אינטים". ווען מיר געפינען אין ווערטער-בוך די הויפּט-באַדייטונג פון פרעמד-שפּראַכיקע ווער-טער, בלײַבן נאָך אַלץ די דאָזיקע ווערטער פאַר אונז פרעמד. וואָס מער מיר באַנוצן די דאָזיקע ווערטער און מיר נעמען אויף זייערע „ניואַנסן", אַלץ מער ווערן אָט די ווערטער נאָענט-אינטים. אָט אַזוי האָט יעדער מוזיקאַלישער טאָן זײַנע קוים באַשטימבאַרע אומקלאָרע אויבערטענער, וואָס גראָד זיי שאַפן דעם אינדיווידועלן טעמבער פון טאָן. באַצייכענען מיר טאַקע די אינטימע ניואַנסן פון וואָרט ווי פּסיכישע אויבערטענער. די הויפּט-באַדייטונג, למשל, פונעם העברעיש-יידישן וואָרט „ראש-השנה" איז ניי-יאָר, אָבער בײַ אַן עלטערן קינד פון אַ יידישער סביבה האָט דאָס דאָזיקע וואָרט אַן אַ צאָל אינטימע ניואַנסן: פּרי-האַרבסט, יום-הדין, פרומע אַנגסט, תפילהדיקע טרערן, תשובה, פייערלעך ערנסטע פּנימער א. א. וו. חוץ דעם איז דאָס זעלביקע וואָרט באַלאָדן מיט אומצאָליקע אינטימע ניואַנסן פון אינדיווידועלע, איבערגעלעבטע שטימונגען, אין וועלכער

ס'איז שייכות מיט די פאַרשטעלונגען פון יענעם וואָרט. פיל ווער-
טער לאָזן זיך שווער אָדער גאָרנישט איבערזעצן פון איין שפּראַך
אין דער אַנדערער, ווייל די דאָזיקע ווערטער זענען זייער באַלאָדן
מיט יענע אומקלאָרע אינטימע ניואַנסן (אויבערטענער), וואָס זענען
נישט איבערזעצבאַר און שאַפן דאָך דאָס וועזן פונם וואָרט.
די אינטימע אויבערטענער פון וואָרט זענען נישט קיין צופעליגע
„אַסאָציאַציעס", ווי אַנדערע מיינען, נאָר זיי זענען בפירוש אַן אָר-
גאַנישער אַריינוווּקס פון וואָרט און אַלערליי פאַרוואָנדטע אינטימע
איבערלעבענישן. יעדעס וואָרט, וואָס אַ קינד לערנט, אַפילו אַ וואָרט
מיט אומפאַרשטענדלעכער הויפּט-באַדייטונג, וואַקסט מיט דעם קינד
צוזאַמען, אויפנעמענדיק אָרגאַניש די פאַרשידענע ניואַנסן פון אינ-
טים פאַרוואָנדטע דערפאַרונגען און איבערלעבענישן. דאָס איז דער
טיפערער זין פון דעם, וואָס אַזוינע פּעדאַגאָגן, ווי פּעסטאַלאָצי*),
דערקלערן אויסדריקלעך, אַז ס'איז ספּעציעל פאַר דעם קינד פון
גרויסן ווערט, דאָס עס זאָל באַזיצן מעכאַניש אַ גרויסע צאָל ווער-
טער, אויך שווער פאַרשטענדלעכע, ווייל „די באַדייטונג וועט זיך
שפּעטער פון זעלבסט איינגעפינען". אַזוי מיינט אויך דזשאָן
סטיואַרט מיל**), ווען ער זאָגט פון זיין יוגנט-בילדונג, אַז דאָס
באַזיצן פון ווערטער, וועלכע ער האָט נישט פאַרשטאַנען, איז וויכ-
טיק געווען פאַר זיין אינערלעכער אַנטוויקלונג.

דאָ האָבן מיר שוין אַן אָנונג פון אונזער אויפאַסונג, דאָס
יעדעס וואָרט וואַקסט צוזאַמען מיטן קינד, איינזאַפּנדיק אין זיך אַלע
מער די קוים באַמערקבאַרע אָבער פיל פאַרצווייגטע אינטימע עלע-
מענטן פון וואָרט. דערפאַר באַהערשן מיר נאָר יענע שפּראַך אַם
אינערלעכסטן, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן לערנען פון אונזערע
פריסטע קינדער-יאָרן (מוטער-שפּראַך) און וועלכע האָט דורכדעם
אינטים אויפגענומען און דורכגעמאַכט אונזערע ערשטע, אינטים
אַנטשיידנדיקע אַנטוויקלונגס-יאָרן. וואָס שפּעטער אין לעבן מיר

*) זע מיימאַן, עקספּערימענטעלע פּעדאַגאָגיק, זיבעטע פאָרלעזונג
(לייפּציג 1907).

**) דז. סט. מיל, זעלבסטביאָגראַפיע (דויטש, שטוטגאַרט).

הויבן אָן לערנען אַ שפּראַך, אַלץ מער וועלן מיר זי באַהערשן „אָביעקטיוו", אָבער נישט „אינטים", ד. ה. מיר וועלן זיך אויס־לערנען קאָרעקט רעדן און שרייבן אויף דער נייער שפּראַך, אָבער מיר וועלן נישט דיספּאָנירן איבער אירע אינטימע אויבערטענער. דאָס לאָזט זיך שווין אויך באַמערקן אין דעם אַקצענט (די אויבער־טענער פון וואָרט־קלאַנג), וואָס איז אין אַ שפּעט אויסגעלערנטער שפּראַך נישט פול, עטוואָס אָנגעריסן. ווי די שפּראַך, אַזוי האָט יעדע קולטור בכלל (און יעדער קולטור־עלעמענט בפרט) אַ חוץ דעם אָביעקטיוו באַשטימטן אינהאַלט נאָך פיל אומבאַשטימטע נעבן־באַדייטונגען (פּסיכישע אויבערטענער), וואָס גראָד זיי שאַפן דעם אינטימען כאַראַקטער פון דער קולטור און וואָס נאָר אין די פריסטע קינדער־יאָרן קאָנען מיר אינערלעך אויפנעמען. וואָס שפּע־טער אין לעבן מיר קומען אין אַ לאַנד, וואָס שפּעטער מיר באַקענען זיך מיט אַ קולטור, אַלץ ווייניקער וועלן מיר זיך פילן „איינגע־וואָרצלט" אָדער „אינטים" פאַרבונדן אין דער נייער אַטמאָספער, אַלץ ווייניקער וועלן מיר דערוווערבן און פאַרשטיין אירע פּסיכישע אויבערטענער. אַלדאָס גענומען לאָזט אונז מאַכן דעם וויכטיקן אויספיר, אַז די איבערלעבענישן פון דער קינדהייט זענען דאָס סאַמע אַנטשיידנדיקע אינטימע וועזן פון אונזער גאַנצן גייסטיק־קולטורעלן לעבן אין די שפּעטערע יאָרן. דערפון קומט ממילא אויס, דאָס די אונטערדריקונג פון דער נאַטירלעכער קינדהייט קאָן פאַטאַל שעדיקן דאָס אינטימע וועזן פון דער פּערזענלעכקייט אויפן גאַנצן לעבן.

די אינטימע באַנאַבונג פון דער קינדהייט ווערט נאָכמער אויפ־געקלערט דורך אַן אָביעקטיוון פאַרגלייך מיט דער פאָלקס־שאַפונג און דער דיכטונג. בלייבן מיר ביים קאָנקרעטן ביישפּיל פון שפּראַך. די באַשריבענע כאַראַקטעריסטיק פון דער מוטער־שפּראַך איז אויך אָנצוווענדן בנוגע דער פאָלקס־שפּראַך. וואָס עלטער און פאָלקסטימ־לעכער אַ שפּראַך איז, ד. ה. וואָס גרעסערע אַנטוויקלונגס־צייטן און ברייטערע פאָלקס־מאַסן אַ שפּראַך נעמט אַרום, אַלץ מער איז זי אָנגעזאַפּט מיט אינטימע אויבערטענער, אַלץ מער איז זי פאַרבונדן מיט אַלערליי היסטאָרישע דערפאַרונגען און מיט דעם אינערלעכן פאָלקס־וועזן. די פאָלקסטימלעכע שפּראַך איז דערפאַר זייער פאַרביק

אייגנטימלעך און איז שווער צום איבערזעצן, ווייל זי איז בּאַלאָדן מיט אומצאָליקע אינטימע ניואַנסן אָדער פּסיכישע אויבערטענער. אין דער דיכטונג ווערן ווערטער באַנוצט נישט אַזוי לויט זייער אָביעקטיוו באַשטימטער באַדייטונג, נאָר פיל מער לויט זייערע קוים באַשטימבּאַרע אינטימע אויבערטענער, וואָס גראָד זיי דריקן אויס די אינטימע שעפערישקייט פון דער דיכטונג. און דערפאַר טאַקע איז אַזוי שווער צו איבערזעצן קינסטלערישע ווערק. וואָס אינטימער דאָס ווערק, אַלץ שווערער איז די איבערזעצונג — די ליריק איז שווערער איבערזעצבּאַר זוי די עפּיק, נאָך שווערער צו איבערזעצן זענען הומאָריסטישע ווערק, וואָס באַנוצן מייסטנס די פאַרביקע פאָלקסטימלעכע שפּראַך. בלויז דער קינסטלער קאָן „איבערדיכטן" פּאָעטישע ווערק פון איין שפּראַך אויף דער אַנדערער, אויף וויפל ער איז דורך דיכטערישער באַנאַבונג אימשטאַנד אויפצוכאַפּן און אויסצודריקן די „אינטימע" שפּראַך־עלעמענטן. ווי בּיי דער שפּראַך, אַזוי קאָן דער דיכטער זיך „אַריינלעבן" (אַריינוואָרצלען) אין אַ פרעמדער קולטור־אַטמאָספער (פון פאַרשידענע עפּאָכעס און סביבות), וו ער קאָן קינסטלעריש אויפכאַפּן און אויסדריקן נישט נאָר די „אָביעקטיווע" פאַקטן, נאָר אויך די קוים באַמערקבּאַרע אינטימע ניואַנסן, די אַנטשיידנדיקע פּסיכישע אויבערטענער. די קינדהייט, ווי פאָלקסטימלעכקייט און קונסט, האָבן אַן ענלעכע אינטימע באַגאַבונג, ד. ה. אַן אורשפּרינגלעכע אָרגאַנישע נאָענטקייט אָדער פאַרוואַנדשאַפט מיט די קוים באַמערקבּאַרע אָבער דאָך לעבנס־אַנטשיידנדיקע אינטימע עלעמענטן פון דערשיינונגען.

און דאָ קומען מיר צו די כאַראַקטעריסטישע אונטערשידן. קונסט, פאָלקסטימלעכקייט און קינדהייט דריקן אויס די ענלעכע אינטימע באַגאַבונג נישט נאָר אויף אַ פאַרשידענעם שטייגער, נאָר אויך דורך פאַרשידענע אויסדרוק־מיטלען. ווען בּיי קינסטלער זענען עס די ווערק און בּיים פאָלק די פאַרשידענע קולטור־פּראָדוקטן (שפּראַך, גלויבן און מנהגים) איז עס בּיים קינד דער שפּיל, וואָס

*) זע מיין בוך „די פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער־לעבן", טייל 1—4.

דריקט אויס און באפרידיקט זיין אינטים וועלט־געפיל. דער מאגישער כאראקטער פונעם קינדער־שפיל, ווו פאנטאזיע־בילדער ווערן איבערגעלעבט ווי עכטע ווירקלעכקייט, פירט דערצו, אז דאס קינד קאן מיט דערשיטערנדיקער עכטקייט איבערלעבן די סאמע טרוימערישע ניואנסן פון דערשיינונגען. ווען א קינד, למשל, שפילט מיט א שטעקל, נעמט ער אויף אינטים די פארשידנסטע ניואנסן פונעם שטעקל, רעאליזירט שפילעריש די מינדסטע אנדייטונגען אדער מעגלעכקייטן פון אט דעם שטעקל און פארוואנדלט אים בעתן שפיל אין א פערד, א צוג, א בוים א. ד. גל. בנוגע דער שפראך האבן מיר געזען, דאס ערשט אין די רייפערע יארן באהערשן מיר די שפראך אביעקטיוו־קאנקרעט (די קארעקטע און פלינקע באנוצונג פון קאמפליצירטע זאצן און רייך אנטוויקלטן סטיל), אבער בלויז אין די קינדער־יארן דורכדרינגען מיר די שפראך אינטים און דערוועקן אירע אויבערטענער אויפן גאנצן לעבן. דאס זעלביקע איז בנוגע אלערליי רעאליעס און פונקציעס, וואס ערשט אין די רייפערע יארן וועלן מיר באהערשן אביעקטיוו־קאנקרעט, קאנען מיר אבער בלויז אין די קינדער־יארן דורכדרינגען אינטים אינעם עלאסטישן שפיל. ס'איז דערפאר אויבערפלעכלעך די פארשפרייטע טעאריע פון גראס, וואס באטראכט דעם שפיל ווי בלויז א טרענירונג פון שפעטערע פונקציעס אין מיניאטור. דאס רייטן אויפן פערד, למשל, טרענירט דאס שפילנדיקע קינד בלומרשט אין מיניאטור אויף דעם הילצערנעם שפיל־פערד. געוויס באהערשט מען דאס רייטן אביעקטיוו קאנקרעט ערשט אין די רייפערע יארן, אבער בלויז אין דער קינדהייט נעמען מיר אויף און דערוועקן די אינטימע ניואנסן פון רייטן, פון זיך טראגן איבערן רוים, פון זיך לאזן אין עק וועלט אריין. ביים רייטן, ווי ביי אלע אנדערע פונקציעס, ווערן אין קינדער־שפיל, און בלויז אין קינדער־שפיל, אויפגעגאנגען יענע פסיכישע אויבערטענער, וואס מאכן אויס דאס ארגאניש אינטימע וועזן פון דער דערפארונג ביי דערוואקסענע. דאס אויספעלן פון אינדיווידועל נויטיקן שפיל, דער שפיל־דעפיציט, פירט צום נייראז, וואס באדייט די דערשיטערונג פון די אינטימע יסודות פון דער פערזענלעכקייט.

2

# דער גרונט=קאָנפליקט

פון די פריסטע קינדער-יאָרן טראָגן מיר ארוים אויפן גאנצן לעבן אַ טיפן קאָנפליקט, וואָס הערשט אין יעדער שול צווישן קינד און דערציער, און וואָס יעדער פון אונדז האָט עס אַמאָל אין זיין קינדהייט איבערגעלעבט. ס'איז קודם כל אַ קאָנפליקט פון פארשיידענע לעבנס-געפילן ביי לערער און קינד.

פארן לערער איז פאקטיש די הויפּטזאך אין שול דער אונטערריכט, די שפּיל-פּויזע איז בלויז א „נויטיקע" אונטערברעכונג פון דעם אזוי וויכטיקן אונטעריכט. פארן קינד איז, פארקערט, דער פרייער שפּיל בשעת דער פּויזע די טיפע און נאטירלעכע פרייד, דער אונטעריכט איז בלויז אַ מוז-אונטערברעכונג פון דעם אַזוי לוסטיקן שפּיל.

קומט עס עס צו א מין שטומען אָפּמאַך, וואָס ווערט שטרענג געהיט פון ביידע צדדים. דער לערער צאָלט פאַר יעדן אונטעריכט מיט א „פרייער" פּויזע, דערפאר קאָמפּענסירן די קינדער יעדע פּויזע מיט אַ דיסציפּלינירטן „אָנשטענדיקן" אונטעריכט. ווערט א קינד צו „לוסטיק" בשעת דעם אונטעריכט, ווערט דער לערער אויפגעבראכט און ער ברענגט דעם קלאַס מיט גוטן אָדער מיט בייזן צו אָרדנונג. פאַרקערט, פּרובירט דער לערער צו שטערן די פרייע שפּילן פון די קינדער בשעת דער פּויזע, ווערן די קינדער אויפגעבראכט און באקומען מיט אַלערליי שפּיצלעך דאָס זייעריקע.

ס'איז פאקטיש אַ שטרענגע צעטיילונג פון „איינפלוס-ספערן" צווישן קינד און דערוואקסענעם אין דער שול. בשעת דעם אונטעריכט הערשט דער איינפלוס פונעם דערוואקסענעם, פונעם לערער, צו וועלכן אלע אויגן פון די קינדער זיינען אין גרוים דרך-ארץ געווענדעט און וועלכער באהערשט זייער אויפמערקזאמקייט און פירט זיי פאַמעלעך אַריין אין די שוין גאָר ערנסטע קולטור פון דערוואקסענע. דערפאר זיינען אָבער די קינדער די הערשער איבער דער פּוי-

זע, — ס'רודערט דאמאָלס פראנק און פריי דער קינדער-שפיל, וואָס באהערשט און דערשיטערט די לופט מיט לוסטיקן אויפברויז.

באטראכט מען אָביעקטיוו דעם אָפענעם אָדער באהאלטענעם אנטאַגאָניזם צווישן אונטעריכט און פויזע, דערזעט מען דאָ באשייג־פערלעך אַ קאָנפליקט פון פארשידענע נאטורן. דאָס קינד איז אַ שפילעריש וועזן און אַנטפלעקט זיין אינטימע נאטור בשעת די פרייע שפילן אין דער פויזע. דער לערער, דער דערוואקסענער, איז „שוין" אַן ערנסטער, אַן ארבעטס-וועזן, וואָס אַנטפלעקט זיך פראָדוקטיוו בשעת דעם אונטעריכט.

אין אָט דעם קאָנפליקט צווישן קינד און דערוואקסענעם נעמט ווי תמיד די אויבערהאנט דער שטארקערער — דער דערוואקסענער באהערשט די שול און נעמט דעם גרעסטן טייל פון צייט פארן אונ־טעריכט: דריי פערטל שעה אונטעריכט און בלויז איין פערטל פאר דער פויזע. אַ חוץ דעם גיט מען אוועק די גרעסטע, שיר ניט די גאנ־צע, אויפמערקזאַמקייט פאַר דעם אונטעריכט. פּראָגראַמען, מעטאָדעס, לערערס פאַר יעדן געגנשטאַנד, פּרוווונגען, די מייסטע מכשירים. פאַר דער פויזע איז מען יוצא ווי ס'איז און מיט וואָס ס'איז. די קינ־דער זיינען דאָ איבערלאָזן אויף זייערע אייגענע כחות. יעדער לערער גרייט זיך יאָרן-לאנג צו קאָנען פירן דעם אונטעריכט, אָבער ווי ווייניק גרייט מען זיך פאר דער פויזע, פאר דעם גרופּישן שפּיל-לעבן!

די וויסנשאַפט גייט דאָ יד אחת מיט דעם שטארקערן צד אין דער שול, מיט דעם לערער. די עקספּערימענטאַלע פּעדאַגאָגיק, די פּסי־כאָלאָגיע און די הייל-פּעדאַגאָגיק פארנעמען זיך מייסטנס מיט די ענינים פון אונטעריכט, נעמלעך מיט דעם קינדס פאַרשידענע פעיקייטן, מיט זיין אינטעליגענץ, וואָס זענען הויפּטזאַכלעך אַנטשיידנ־דיק פאַר דעם אונטעריכט. ס'זענען אָבער אין דער וויסנשאַפט פארנאכלעסיקט די געביטן פון געפיל און ווילן ביים קינד, וואָס אַנטפּלעקן זיך אַזוי שטורמיש בשעת דער פויזע. ווי ווייניק, ווי, יאָמערלעך ווייניק, האָט מען ביזהער אויסגעארבעט (אָדער אפילו בלויז געזוכט אויסצואַרבייטן) מעטאָדן צו פאָרשן דאָס גרופּישע שפּיל-לעבן פון קינד, וואָס פאַרכאַפּט און דערשיטערט דעם קינדס געמיט אַזוי טיף בשעת דער פויזע.

אין משך פון פיל יאָרהונדערטן באַהערשט דער דערוואַקסענער די שול, האַלט דאָס קינד הערשעריש אין דער ערנסטער אונטער־ריכט־אַטמאָספער און רעדוצירט דעם נאַטירלעכן שפּיל־דראַנג ביז אויף אַ מינימום פון אַ פאַרנאַכלעסיקטער פּויזע. דאָס קינד מוז זיך אונטער־וואַרפן, דער דערוואַקסענער דיקטירט. אָבער דורך און אין דער פאַר־נאַכלעסיקטער פּויזע קומען אויף, ווי מיר האָבן אינעם פאַרליגנדיקן בוך באַוויזן, דער קינדער־נייראָז, דער אומרו, דער קינדער־פאַר־ברעך — וואָס וואָרענען און דראָען דעם פאַרגאַלאָפּירטן דערוואַק־סענעם און צווינגען אים זיך באַצייטנס צו פאַרטראַכטן. פאַר דעם נייראָטישן קינד לאָזן זיך אראָפּ די הענט ביים לערער, ער זוכט הילף ביים הייל־פּעדאַגאָג, ביים קינדער־פּסיכיאַטאָר, וואָס מוזן אים געבן אַ באַלערנדיקן ענטפער ניט נאָר וועגן דעם איינצלנעם קינד, נאָר וועגן דער גאַנצער שול־אַטמאָספער, וואָס פירט פיל קינדער צו אַ נערוועז־מאַכנדיק שפּיל־דעפיציט. די אויסגעהאַלטענע לערע וועגן דעם קינ־דער־נייראָז פירט טאַקע צו דער רעפאָרם־לערע וועגן דער שול־פּויזע.

די זאַך ליגט אָבער פיל טיפער.

די אָביעקטיווע פאָרשונגען אינעם פאַרליגנדיקן בוך באַווייזן, אַז מ׳קאָן גאָרניט געגוג טיף איינשאַצן דעם קאָנפליקט צווישן אונ־טעריכט און שפּיל, וואָס ווערט אין די רייפע יאָרן ביים דערוואַקסע־נעם פאַרגעזעצט אינעם קאָנפליקט צווישן אַרבעט און רו. נאָר פון די פריסטע קינדער־יאָרן זען מיר טאָג־טעגלעך אָט דעם קאָנ־פליקט אַזוי שטענדיק, אַזוי רעגלמעסיק, דאָס די לאַנגיאָריקע גע־וווינהייט טעמפּט אָפּ דעם בליק און פאַרדעקט די דערשיינונג ווי מיט אַ נעפּל. דערפאַר איז וויסנשאַפטלעך אַזוי וויכטיק יעדע נייע פאָרמולירונג, יעדע אַפילו בילדלעכע באַשרייבונג, וואָס שאַרפט דעם בליק און רייסט דעם נעפּל פון געוווינהייט. (ס׳איז ווי די ווייט־שיסנדיקע אַרטילעריע, וואָס מאַכט ערשט מעגלעך פאַר דער פוס־ווער אָנצוגרייפן פון נאָענט דעם שונא. אַזוי קאָן די ווייטבליקנדיקע בילדלעכע שילדערונג דערמעגלעכן דעם וויסנשאַפטלער צו פאָרשן נאָענטער די וואונדערלעכע קאָנפליקט־דערשיינונג).

און אָט וועלן מיר טאַקע בילדלעך שילדערן אַ געוווינלעכע,

אָבער זייער באַלערנדיקע שול-געשעעניש, וואָס איז פאַר יעדן דערצי-
ער גאָר ניט אומבאַקאַנט.

...אין די לאַנגע שול-קאָרידאָרן איז עס זייט איניקע מינוט טויט-
שטיל געוואָרן, אין די קלאַסן זיצן קינדער אין געדיכטע רייען, פּלייצע
ביי פּלייצע, ארום פערציק קינדער אין אַ קלאַס. זיי זיצן געהאָרכ-
זאַם, סאָליד, מיט דרך-ארץ, מיט ערנסט, מיט גרייטקייט. אַלע קוקן
זיי ארויף צום אומגעקרוינטן הערשער — דאָרט, פאָרנט, אָפּגעטיילט,
שטייט ער, א גרויסער, א דערוואַקסענער, א געהויבענער. אַ לערער!
איז ער אַ רעאַקציאָנער הערשט ער דעספּאָטיש, וואַרפט אָן א מורא.
איז ער מאָדערן — „שענקט" ער, „גיט" ער פרייהייטן, ווייזט
ארויס חברישקייט, און ווי אַ גאָר מילדער הערשער נעמט ער די קינ-
דערשע הערצער מיט זיין חברישקייט. ווער ס'הערשט מיט בייזן, ווער
מיט גוטן; ווער מיט מורא, ווער מיט ליבע. איצט בשעתן אונטער-
ריכט באַהערשט ער פערציק קינדערשע מוחות, אין וועלכע ער
וואַרפט און פאַרפלאַנצט נייע פאַרשטעלונגען. קיינער טאָר אים ניט
שטערן, ווען ער פרעגט, מוז יענער ענטפערן. קיינער טאָר ניט ריידן
אָן זיין דערלויבעניש, קינדער הויבן די הענט נאָך א וואָרט. פּלוצים
ווערט דער לערער אומרויק און וואַרפט א בייזן בליק אויף רעכטס.
וואָס איז? דאָרט אין דער פינפטער באַנק רעכטס זיצט לייזער מיט
די געלע האָר, די קינדער רופן אים פון באַוואונדערונג „געלער מזיק".
(ס'איז טאַקע אַ צונעמעניש, אָבער אַ גוטמוטיקער, וואָס רייצט נישט
און וואָס קינדער ריידן ארויס מיט אַ געוויסער באַוואונדערונג און אנער-
קענונג פאַר לייזערס קעמפערישער מוטיקייט). ער איז פול מיט הייסן
אימפּעט, וואָס לאָזט אים קיינמאָל ניט אָפּ. ער וויל נישט און קאָן
נישט איינזיצן אויף דער קלאַס-באַנק. מיט גריסאַמן, מיט באַוועגונ-
גען, מיט כלערליי גנבהשע שפּיצלעך, מאַכט ער לוסטיק זיך און די
ארומיקע. ס'פּלאַצט שוין ארויס ארום אים אַ געלעכטער, ווען
ס'דערהערט זיך פּלוצים אַ געשריי: „לייזער"! פון שרעק טוט ער א
פינטעל מיט די אויגן אויפן שרייענדיקן לערער און נעמט זיך טאַקע
אויף אַ רגע צונויף. אָבער טאַקע באַלד קיצלט אים ווידער פון אינע-
ווייניק דער זעלביקער הייסער אימפּעט, ער קאָן שוין ווידער ניט
איינזיצן. א שטורכע מיט דער האַנד, אַ באַהאַלטענער פּיפּס, א פייף

עמיצן אין אויער. ווידער אמאָל אַ הילכיקער געשריי, ווידער אַמאָל שטיל אויף אַ רגע, אָבער באַלד וואָיעוועט לייזער ווייטער. און כאָטש דער לערער איז מאָדערן און באַנעמט זיך גאָר „חבריש" מיט די קינדער, פאַרלירט ער די געדולד. ער, דער איינציק דערוואַקסענער דאָ אין קלאַס, דער הויכער, דער גרויסער — שטעלט אָן אַ בייז צאָרנדיקן בליק אויף לייזערן און הייסט אים אַרויסגיין פון קלאַס. די קינדער האַלטן שווייגנדיק מיטן לערער, זייענדיק גרייט אַפילו נאָכצושרייען דעם אַרויסגעטריבענעם: געלער מזיק! יענער שפּרינגט אָבער אַרויס לוסטיק פון קלאַס, וואָס איז ווי אַ געפענגעניש פאַר זיין זונדיקן אומרו. ערשט פון יענער זייט טיר פאַרקריצט ער די ציין אויפן לערער, וואָס לאָזט אים נישט אַ קער טון זיך, וואָס צוימט און פייניקט אים. ס'וועט אָבער נאָך קומען אַ צייט אויפן לערער! און טאַקע באַלד קלינגט דער גלאָק. אין איין רגע לויפן די קינדער מיט אַ פריילעכן געפילדער אַרויס פון קלאַס, קיינער קוקט זיך ניט אום אויפן לערער, וואָס בלייבט איצט אַליין פאַר זיך, קוים וואָס ער באַוועגט זיך. ניט ער וויל, ניט ער קאָן נאָכיאָגן דעם ברויזנדיקן יינגוואַרג. אין אַלע קאָרידאָרן הויבט זיך אויף אַ גערודער פון קינדער-שפּיל, וואָס שפּאַרט אַרויס ווי אַ העלישער פייער אויפן שול-הויף. ס'הילכן אין דער לופט קולות און געשרייען. אַ גרופּע שטאַרקע יינגלעך שפּילן מיט גרויס חשק און ליאַרעם אין פוטבאָל, דער פירער, דער אָנצינדער, איז דאָ איצט לייזער. קיינער קוקט זיך ניט אום אויף דעם פאַרביטערטן… בייגייענדיקן לערער. איצט הערשן די קינדער אויף זייער שטייגער און ווילן פון קיינעם ניט וויסן. אין קלאַס האָט מען אַרויסגעשטויסן אַ צו זודיקן יינגל, אָבער דאָ אינעם שפּיל-גערודער איז ער דער גע - ווינטשענער פירער. פּלוצים דערפילט דער לערער אויף דער פּאַטיליצע אַ קנאַק פון אַ שטיינדל. ער קוקט זיך פאַרדעכטיק אום. צי האָט עס נישט אָקאָרשט לייזער געמאַכט? יענער לאָבוס זעט אָבער אויס אַזוי פאַרכאַפּט פונעם פוטבאָל, אַז מ'קאָן זיך ניט מיט זיכערקייט מיט אים טשעפּען, כאָטש אויפן פּנים שוועבט אַ גנבהשער קוים אייגנער־האַלטענער שמייכל. און אָט הערט זיך שוין ווידער אַ גלאָק. קינ־דער קערן זיך אום אין קלאַס, זעצן זיך ווידער געהאָרכזאַם און שטיל, אין געדיכטע סאָלידע רייען. ווידער קומט מיט זיכערע טריט דער

לערער — ער איז איצט זיכער אין דעם שטיל געוואָרענעם קלאַס, ווי אין דעם טויט אויסגעלאָשענעם טומל אין די קאָרידאָרן. ער קוקט זיך נאָר אום אומרואיק אויף לייזערן, וואָס חרייט זיך אַזוי קוועק־זילבערדיק אין דער פינפטער באַנק. יענער מאַכט שוין פון ס׳ניי גרי־מאַסן, זיצט ניט איין. דער לערער איז אַ מאָדערנער, ער שלאָגט ניט, ער גיט ניט מיט דער ווירע איבער דער האַנט. נאָר ער זעצט איצט לייזערן אין דער ערשטער ריי, ער האַלט אויף אים אַן אויג, מיט דעם הערשעריש דערציערישן בליק פאַרוויקלט ער און פענטעט דעם זודיקן יינגל, וואָס זיצט איצט (ווער ווייסט אויף ווי לאַנג?) שטיל פאַרומערט ווי אַ געפאַנגענער פויגל. לייזער צעבליט זיך בשעת דער פויזע און שטיקט זיך מיט דעם אונטעריכט. ער איז אַ בונטאַריש קינד פון דער פויזע, וואָס וויל ניט און קען ניט אָנערקענען די פענטעס פונעם אונטעריכט. דאָס זיצן אין דער ערשטער ריי האָט ניט אויף לאַנג גע־האָלפן. ווי נאָר דער לערער טוט זיך אַ קער צום טאָפל, מאַכט אים לייזער אין פּלייצע כלעריי שפּאַטישע גרימאַסן און רופט אַרויס דאָ און דאָרט אויף די פאַרשידענע בענק אַ קוים דערשטיקטן געלעכטער. דער לערער האָט ניט איינמאָל פאַרלאָרן מיט אים די געדולד. אין משך פון חדשים פּרובירט דער לערער אַלערליי מיטלען, קאָן אָבער נישט באַקומען קיין שליטה אויף דעם אימפּעטיקן יינגל. מ׳האָט לייזערן ענדלעך אויסגעשלאָסן פון שול. האָבן זיך דערוואַקסענע אָקאָרשט צו אים אַ נעם געטאָן. די אויפגערעגטע עלטערן האָבן פּרובירט פאַר־שיידענע שולן פאַרן יינגל, מ׳האָט אים געפירט צו ספּעציאַליסטן, וואָס רעקאָמענדירן פאַרשידענע וועגן און מיטלען. ס׳האָט גענומען אַ היפּ־שע צייט ביז מ׳האָט ענדלעך מיט געמיינזאַמע כחות און אָנשטרענגונ־גען באַזייגט דעם בונטאַרישן יינגל. ער קאָן שוין איצט אויסזיצן אַן אונטעריכט („בלויז" מיט קליינע שטערונגען) אונטער דער הער־שאַפט פונעם איינציק דערוואַקסענעם אין קלאַס...

און דאָ קומען מיר צו אַ וויכטיקן אויספיר.

לייזער איז אַן אויסנאַם, ער האָט אַן אומנאָרמאַל גרויסן שפּיל־דראַנג, וואָס לאָזט זיך פאַר קיין פאַל ניט בינדן דורך דער שול און מ׳האָט געמוזט האָבן ספּעציעלע אָנשטרענגונגען פון דאָקטוירים און פּעדאַגאָגן כדי צו באַהערשן דעם צו גרויסן שפּיל־דראַנג. מיט די

מייסטע נארמאלע קינדער אבער קומט אויס די שול אליין דורך דעם איינזייטיקן אונטעריכט-פויזע-קאמפראמיס, מיט וועלכן ס'געלינגט די לערער צו אונטערדריקן און רעדוצירן דעם קינדס שפיל-אימפעט ביז אויף דעם מינימום פון א קורצער פארנאכלעסיקטער פויזע. וויל- דיק נישטווילנדיק נעמען קינדער אן דעם פון אויבן דיקטירטן קאמ- פראמיס, באהערשן אלע ווילע, נאכגיביק און פראמפט, זייער שפילע- רישע קינדישקייט. אין רעכטן ברען פון שפיל, אויף דעם ערשטן רוף; פון שול-גלאק, לויפן זיי געהארכזאם אין קלאס און ווערן מיט- אמאל גרייט אויסצוזיצן ערנסט און שטיל א גאנצן אונטעריכט. דער נאר וואס פארכאפטער פון שפיל-לײדנשאפט פול מיט עמאציע, דראנג און באוועגונג, דער נאך פארסאפעטער יינגל, ווערט מיט אמאל קאנ- צענטרירט איינגעהאלטן פאר ערנסטער זיץ-און קאפ-ארבעט. ווי דער איבערגאנג פון שלאף צום וואך-זיין, אזוי איז דער איבערגאנג פון פויזע צום אונטעריכט א פארוואנדלונג, א מאמענטאלע איבעראנדער- שונג פונעם וועזן. ווען אבער שלאף און וואך רעגולירן זיך ריטמיש לויט די נאטירלעכע באדערפענישן פון קינד, ווערט די פויזע איבער- געריסן דורכן שול-גלאק ניט לויט די נאך ווייניק געפארשטע שפיל- באדערפענישן פונעם קינד, נאר לויט די ראציאנאלע פראגראמען, מיט וועלכע ס'געלינגט צו אונטערדריקן דעם שפיל-אינסטינקט אין די ראמען פון שול-דיסציפלין. און טאקע דא ביי דער „געלונגענער" אונטערדריקונג שטויסן מיר זיך אן אויף ווייניקער אויפפאלנדיקע, אבער מער ערנסטע דערשיינונגען. ערשטנס, ווי מיר האבן שוין אויבן דערמאנט, לויערט אין די טיפענישן פון דער פארנאכלעסיקטער פויזע דער נייראז, ווי א רעזולטאט פון שפיל-דעפיציט, וואס דראט און ווארנט די דערציערישע אונטערדריקער. עס זענען אבער צווייטנס, פיל ערנסטער די רעזולטאטן פון א געלונגענער אונטערדריקונג, וועל- כע גייט אפ גלאט און פירט נישט צו קיין נייראז. דעם קינדס נאטירלעכער שפיל-דראנג, הייסט דאס, גיט זיך אונטער אן ווידערשטאנד און ווערט אין משך פון דער צייט אפגעטעמפט. מיר האבן דא צו טון מיט דעם באקאנטן פרינציפ פון „אטראפיע דורך אומאקטיווישקייט", וואס גילט אין פסיכישן, ווי אין פיזישן לעבן. אט דער פרינציפ באדייט, אז ווען פסיכישע כוחות אדער פעיקייטן זע-

נען אַ לאַנגע צייט אומאַקטיוו, קאָנען זיי פאַמעלעך אָפּגעטעמפּט אָדער אַטראָפירט ווערן. דאַרווין, למשל, באַשרייבט אין זיין אויטאָ-ביאָגראַפיע, ווי אין משך פון יאָרן לאַנגער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס האָט כמעט זיין גאַנצע צייט פאַרנומען, זיינען ביי אים פאַמעלעך פאַרנאַכלעסיקט און דורכדעם אָפּגעטעמפּט געוואָרן זיינע פריערע עסטעטישע פעיקייטן. ביי קרענקלעך דיספּאָנירטע קאָן דער אונטערדריקטער אינסטינקט פירן צום דורכברוך פון די פריער באַהאַלטענע קרענקלעכע נייגונגען—דאָס איז די נייראָטישע רעפּרעסיע. אָפּטמאָל אָבער קאָן די אונטערדריקונג געלינגען, די אונטערדריקטע כוחות ווערן פאַמעלעך אַטראָפירט און די דערביי אַנטשטייענדיקע פּוסטקייט ווערט נאָרמאַל אויסקאָמפּענסירט דורך דער אַנטוויקלונג פון אַנדערע פּראָדוקטיווע כוחות. דאָס איז די נאָרמאַלע רעפּרעסיע, וואָס קומט פאָר אין צוויי פאָרמען, אַלס אַ ווילנדיקע און אַ ניט-ווילנדיקע. ביי רעליגיעזער אַסקעטישקייט, למשל, ווערט דער סעקסועלער אינסטינקט ווילנדיק-באַוווסט אונטערדריקט און קאָמפּענסירט דורך אַ שטאַרק אַנטוויקלטער רעליגיעזישקייט. די אונטערדריקונג קומט דאָ פאָר סיסטעמאַטיש לויט וויסן און ווילן פון מענטשן, וועלכער שטייט אויף דער וואַך מיט רעגולירנדיקער גרייטקייט קעגן מעגלעכע קאָמפּליקאַציעס. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער, ווען מ׳ווערט אויף אַ לאַנגער צייט פאַרשלינגען פון אַ געוויסן אינטערעס, און דערביי ווערן ניט ווילנדיק אַנדערע אינטערעסן פאַרטעמפּט דורך אומאַקטיווישקייט. דאָ קומט פאָר די אונטערדריקונג פון זיך זעלבסט, אָן דעם וויסן פון מענטשן, וועלכער כאַפּט זיך מייסטנס שפּעט (אויב ער כאַפּט זיך איבערהויפּט), וואָס ער האָט פאַרלאָרן.

אין דער שול איז דער הויפּט-אינטערעס דער אונטעריכט, דער שפּיל קומט פאָר בלויז אין דער קורצער פאַרנאַכלעסיקטער פּויזע. ס׳קומט אויס, אַז די שול פירט ממילא, פון זיך זעלבסט, צו דער פאַרטעמפּונג פונעם קינדס שפּילערישקייט. וואָס דיסציפּלינירטער דאָס קינד, אַלץ גרינדלעכער און שנעלער איז די פאַרטעמפּונג פון זיין עלעמענטישער שפּילערישקייט. די „ערשטע" שילער אין דער שול, וואָס צייכענען זיך אויס דורך זייער פלייסיקער אַרבעט און ביז גאָר געצוימטער קינדערשקייט, זענען שפּעטער אין די רייפערע יאָרן מייסטנס

מיטלמעסיקייטן, ווייל און אויף וויפיל ס׳פעלט זיי די אור־קינדישע שעפערישע שפילעוודיקייט. ס׳איז דאָ אַ צויבער־קרייז: די לכתחילה ווייניק באַנאַבטע שפילערישקייט לאָזט די באַטרעפנדיקע קינדער זיך פריצייטיק איבערגעבן איינזייטיק אינטענסיוו דער ניכטערער אַרבעט; דאָס אָבער אימפּאָנירט די לערער, וועלכע דערמוטיקן ביי אָט די קינדער די ווייטערע פאַרטעמפּונג פון דער אזוי אויך שוואכער שפילערישקייט.

די מאָדערנע שול, ווי מיר זען, אונטערדריקט פריצייטיק און פאַרטעמפּט אין משך פון די שול־יאָרן די נאַטירלעכע שפילערישקייט בײם קינד, און אזוי אַרום קולטיווירט די שול די ניכטערע אומצלאַמטישע מיטלמעסיקייט. ס׳איז דערפאַר לעבנס־נויטיק די אַנטשפּרעכנדיקע רעפאָרם פון דער שול־פּויזע, וואָס זאָל מעטאָדיש שאַפן די באַדינגונגען פאַר דער נאַטירלעכער שפילערישקייט פון קינד (אין האַרמאָניע מיט דעם אונטערריכט), און אויף דעם אופן וועט די ביזהעריקע אונטערדריקערישע שול פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַפרייענדיקער שול פאַר דער האַרמאָנישער אַנטוויקלונג פון דעם קינדס פילגעשטאַלטיקע כוחות.

---

ביי נאָענטער באַטראַכטונג קאָן מען זען, דאָס דער קאָנפליקט צווישן קינד און לערער גייט פיל ווייטער און טיפער. אין יעדן שפילעוודיקן קינד הויבט זיך דאָך אָן פון די פריסטע יאָרן פאַמעלעך אַנטוויקלען דער קינפטיקער ערנסטער אַרבעט־מענטש מיט זיין דראַנג און חוש פאַר דעם זעלבשטענדיקן עקזיסטענץ־קאַמף. דער לערער מיט דעם אונטערריכט אַפעלירט צו אָט דעם פאַמעלעך אויפוואַכנדיקן קינפטיקן אַרבעט־מענטשן אינעם קינד גופא. אָבער אויך אין דעם ערנסטן דערציער, אינעם דערוואַקסענעם בכלל, האָט נאָך נישט גאַנץ אָפּגעקלונגען די שפּיל־פרייד פון זיינע אייגענע פאַרגאַנגענע קינדער־יאָרן און אין רו־צייטן ווערט ער, דער סאַמע ערנסטער דערוואַקסענער, אזוי אָפט פאַרכאַפּט פון דער „ווידער“ אויפוואַכנדיקער קינדיש לוסטיקער שפילערישקייט. די שפּיל־פרייד פון די קינדער אין דער שול־פּויזע אַפּע-

לירט טאַקע צו דער באַהאַלטענער, אַמאָל דורכגעלעבטער און קיינמאָל נישט אָפּשטאַרבנדיקער, קינדערשער שפּילערישקייט אינעם דערציער גופא. אָט אזוי קומט דאָס מערקווירדיקע צוזאַמענטרעפן פון קעגנ-זאַצן, וואָס דאָס קינד שטרעבט צו ווערן וואָס גיכער אַ דערוואַקסענער, ווי אַ זעלבשטענדיקער, און דער דערוואַקסענער קוקט צוריק מיט בענקשאַפט אויף זיין פאַרגאַנגענער שפּילערישער קינדהייט. דער קאָנפליקט צווישן קינד און דערוואַקסענעם איז טאַקע דערפאַר דראַ-מאַטיש אומפאַרמיידלעך, ווייל ס'איז אַ רעטעניש-פולער דיאַלעקטי-שער קאָנפליקט צווישן צוויי צדדים, וואו יעדער צד ראַנגלט זיך מיטן צווייטן אין ... זיך זעלבסט און יעדער איינער לעבט באַהאַלטן אינעם צווייטן — די אַמאָליקע, אָבער איצט שוין באַהאַלטענע, קינד-הייט אין דעם דערוואַקסענעם, און די קינפטיקע אָבער איצט נאָך פאַרבאָרגענע, ערנסטקייט אינעם קינד. ס'איז דער דיאַלעקטישער גרונט-קאָנפליקט צווישן אַרבעט און שפּיל, וואָס שטערן און דער-מעגלעכן איינער דעם צווייטן און וואָס האַלטן צוזאַמען דאָס לעבן און שטענדיקן פאַרויסדרינגנדיקן אומרו. ביי דערוואַקסענע, אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, ווערט דער קאָנפליקט צו אַן אוניווערסאַלער שפּיל-טראַגעדיע, וואָס מיר האָבן אין אַן אַנדער אָרט*) געפּרווט אויספירלעך באַשרייבן. אין דער שול ווערט אָט דער קאָנפליקט דראַמאַטיש פערזאָניפיצירט דורך קינד און דער-ציער, וואָס יעדער איינער ציט אויף זיין זייט און לעבט דאָך באַהאַלטן אינעם צווייטן, וואָס ראַנגלען זיך אַנטאַגאָניסטיש און זיי-נען איינער אויף דעם אַנדערן אָנגעוויזן. אָט דער געראַנגל האָט די ביאָלאָגישע אויפגאַבע צו שאַפן דאָס גלייכגעוויכט צווישן די צוויי אַנטאַגאָניסטישע גרונט-כוחות פון אַרבעט און שפּיל. יעדע בלינדע איינזייטיקייט, יעדע קינסטלעכע פאַרגוואַלטיקונג פון דעם שטאַר-קערן, דעם דערציער, פאַרקריפּלט די קינדישע פערזענלעכקייט. די רעפאָרם פון דער שול-פּויזע דאַרף שטרעבן צו שאַפן די גרעסטע מעגלעכע האַרמאָניע אין דעם שעפערישן געראַנגל צווישן אַרבעט און שפּיל ביים קינד און דערוואַקסענעם.

---

*) זע מיין בוך „חלום און שפּיל" דעם אַפּשלום.

צוגאב 2

# חעבן דעם גורל פון דעם בייסטיק־לײדנדיקן ײדישן קינד

(אָרגאַניזאַציע און סטאַטיסטישער באַריכט פון דער וואַרשעווער פּסיכאָ־היגיענישער באַראַטונג־שטעלע)

.1

# דער אָנהויב פון דער יידישער פסיכאָ-היגיענע

אויף דעם לעבנסוויכטיקן און דאָך אזוי פאטאל פארנאכלעסיקטן געביט פון יידישער הייל-פּעדאגאָגיק איז יעדער אָנהויב פון גרויסער פּיאָנערישער באדייטונג. אין דער הינזיכט איז די גרינדונג פון דער ערשטער פסיכאָ.-היגיענישער באראטונגשטעלע ביים ,,טאָז" אין ווארשע א שטיק פּיאָנערישע ארבעט, וואָס הויבט אָן א נייעם בלאַט אין דער סאָציאַלער מעדיצין. ווייס מען אָבער די אייגנארטיקע געשיכטע פון דער הייל-פּעדאגאָגיק, פארשטייט מען, אז יעדע נייע אָנשטרענגונג האָט דאָ א דערלייזנדיקע באדייטונג. ווייל די געשיכטע פון דער הייל-פּעדאגאָגיק איז א געשיכטע פון טיפע גייסטיקע ליידן, וואָס ווארטן נאָך אויף דערלייזונג, עס איז באזונדערס וויכטיק פאר מעדיצינער און שול-טוער זיך ווענן דעם גענויער צו דערמאָנען.

אין דער מעדיצין איז פאַרגעקומען דער אומגלויבלעכער פּאראדאָקס פון יענער מוטער, וואָס צעטיילט שטענדיק דאָס עסן פאר די קינדער ,פארטיילט זיך זעלבסט און דורכדעם פאראורטיילט זי אויף הונגער-טויט די... מוטער פון די קינדער. אזוי האָט דער מענטשלעכער גייסט ביי דער שאפונג פון דער מעדיצין זיך פארנומען גרינדלעך מיט די קראַנקייטן פון אלע גלידער און האָט פארנאכלעסיקט בלויז די קראַנקייטן פון גייסט. א לאַנגע צייט האָט אפילו געפעלט דער באַגריף פון גייסט-קראַנקייטן. מ'האָט נישט געוווסט, אז א פסיכישע שטערונג איז, ווי יעדע אָרגאַנישע שטערונג, אַן ערשיינונג, וואָס מען קען פאָרשן און באהאנדלען. אין משך פון יאָרהונדערטער האָט מען די גייסט-קראַנקייט באַטראַכט ווי א כישוף אָדער א זינד. מ'האָט די גייסט-ליידנדיקע געברענט אויף די שייטערהויפנס, שפּעטער, אין דער נייער צייט, האָט מען ווי פארברעכער געהאַלטן אין געפענגענישן.

ערשט אין די צייטן פון דער פראנצויזשער רעוואָלוציע האָט פ י ג ע ל באַפרייט די גייסט־קראַנקע און אַריבערגעפירט זיי אין שפּיטאָל. לאַנגזאם, מיט גרויסע זיגזאגן און שוועריקייטן, האָט מען אויסגעקעמפט די עלעמענטארע רעכט פון דעם מענטשס לײדנדיקן גייסט און מ׳האָט אָנגעהויבן וויסנשאַפטלעך פאָרשן און באַהאנדלען די גייסט־קראַנקייטן. די פּסיכיאַטריע איז די סאמע יינגסטע און פארשפּעטיקטע וויסנשאַפט אין דער מעדיצין.

אָבער שוין א לאנגע צייט נאָך דעם אויפקום פון דער פּסיכיאַטריע האָט מען זיך ניט אומגעקוקט אויף די גייסטיק־לײדנדיקע קינדער, וואָס מ׳האָט קענען יעדער לאָניק געלאָזן אויף הפקר. נאָך אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, דערציילט ס ע ג ע ן, (דער באַרימט־געוואָרענער פראַנצויזישער אויטאָר פון יענער צייט), פלעגן עלטערן צובינדן אַ פּסיכיש־אומנאָרמאַל קינד צו אַ בוים אָדער עס ערגעץ פארשפּארן אין גרויזאמער פארוואָרלאָזונג. טאַקע אין יענער צייט איז סעגען געווען דער פּיאָנער פון הייל־פּעדאגאָגיק אין פראנקרייך. אין דער שווייץ איז עס געווען דער באַרימטער ד״ר ג ע ג ע נ ב ו ל. אין יעדן לאנד זיינען עס געווען (ערשט אין פאָריקן יאָרהונדערט) איינצעלנע פּיאָנערן, וועלכע האָבן מוטיק אויפגענומען דעם קאמף אין דער וויסנשאַפט און אין דער געזעלשאַפט פאר דעם גורל פון די גייסטיק־לײדנדיקע קינדער. אָט דער קאמף האָט טראָץ דעם טעמפּן ווידערשטאַנד געהאַט זיין דערפאָלג. ביים היינטיקן טאָג זיינען אין אלע ציוויליזירטע לענדער איינגעאָרדנט הילפס־שולן און אנדערע אַנשטאַלטן פאר אינטעלעקטועל אָפּגעשטאַנענע קינדער. דאָך זיינען די קינדער־פּסיכיאַטריע און די הייל־פּעדאגאָגיק נאָך אין די וויקעלעך, מ׳האָט, למשל, זייער פיל אויפגעטאָן בנוגע אינטעלעקטועל אָפּגעשטאַנענע, אָבער זייער ווייניק בנוגע נערוועזע קינדער, פאר וועלכע עס זיינען נאָך ניטאָ קיין ספּעציעלע אַנשטאַלטן און וועלכע מוזן דערפאר פלאָגן זיך און די ארומיקע אין די נאָרמאלע שולן.

אויב דער שאפונגס גייסט האָט זיך שפּעט אומגעקוקט אויף די גייסט־קראנקייטן ביי קינדער — ווערט מען, פארשטייט זיך, אזא פארשפּעטיקונג געפינען אַמשאַרפסטן ביי אַ פאָלק, וואָס צייכנט זיך אויס היסטאָריש מיט זיין גייסטיקייט. אַזוי האָט טאַקע דאָס אומגלויבלעכע

באסירט, דאָס ביי יידן איז נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג ניט גענו-
מען געוואָרן ערנסט דאָס הייל-פּעדאגאָגישע פּראָבלעם. אין 1919
האָבן מיר אָנגעהויבן אַ קאַמף פאר דער יידישער הייל-פּעדאגאָגיק
צוערשט אין רוסלאנד, דערנאָך אין פּוילן, דייטשלאנד און אמע-
ריקע.*) ספּעציעל אין 1922 האָבן מיר דורך לעקציעס און שריפ-
טען**) געפירט אין וואַרשע אַ געוויסע באַוועגונג פון הייל-פּעדאגאָ-
גיק. מיט דער הילף פון דער יידישער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאציע
און תרבות-קאָמיטעט אין וואַרשע האָבן מיר דורכגעפירט אַ הייל-
פּעדאגאָגישע אונטערזוכונג פון אַלע יידישע און העברעאישע שולן
אין וואַרשע. ס'איז דערביי פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די צאָל פּסי-
כיש אומנאָרמאַלע קינדער אין די יידישע שולן איז ארום 5 פּראָצ.
(שפּעטער האָבן מיר אַזוינע אונטערזוכונגען געמאַכט אויך אין קאָוו-
נע און אין ריגע). מ'האָט דעמאָלט געמאַכט אַ פּרווו צו עפענען אַ
הייל-פּעדאגאָגישע אמבולאטאָריע, ווי אויך האָבן מיר צענויפגע -
שטעלט אַ פּלאַן וועגן דעם אויפבוי פון ספּעציעלע אַנשטאַלטן. מיר
האָבן דעמאָלט וואָס אמת געטראָפן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. אחוץ
די אומגינסטיקע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען פונעם יידישן
שול-וועזן און דער יידישער סאָציאַלער מעדיצין, וואָס זיינען נאָך
דערצו געווען ערשט אין פּראָצעס פון אנטשטיין — האָבן מיר זיך
נאָך אָנגעשטויסן אויף אַ געוויסן סקעפּטיציזם. נישט נאָר צווישן פּרי-
וואטע מענטשן, געזעלשאפטלעכע טוער, נאָר אויך צווישן לערער
און דאָקטוירים, קומט אונדז אויס צו הערן אַזוינע איינוועגדונגען,
ווי: „אומנאָרמאַלע קינדער קאָן מען סיי-ווי ניט העלפן", „אַ שאָד
צו פאַרלירן ענערגיע און מיטלען אויף אַזוינע קינדער", „מיר קע-
נען די נאָרמאַלע קינדער ניט פאַרזיכערן, זאָלן מיר זיך נאָך פאַר
אומנאָרמאַלע זאָרגן" אאַ"וו.

---

*) זע מיין בוך „די קאַטאַסטראָפאַלע צייט און די וואַקסנדיקע
דורות" (יידיש און דייטש), בערלין 1923.

**) זע מיינע אַרבעטן (אין יידיש און העברעיש) „די געזעל-
שאַפט, די שול און דעפעקטיווע קינדער", וואַרשע 1922. אויך „די יידישע
שול און די דעפעקטיווע קינדער", וואַרשע 1922, זשורנאַל „תרבות" און

אָט די אייגנטלעך עם־האַרצישע און גרויזאַמע איינווענדונגען דערמאָנען טשעכאָווס „פּאַלאַטאַ נומ. 6”. דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער, הומאַניסט און אַליין אַ מעדיצינער, האָט אין זיין ציים דערשיטערט די רוסישע אינטעליגענץ מיט יענער דערציילונג, וואָס דער תמצית אירער איז אַן ערך אַזאַ: אַן אָפּגעלאָזענער פּסיכיאַטער מאַכט קעגן דער פּסיכיאַטריע ענלעכע איינווענדונגען, ווי די אויבנדערמאָנטע. ער פּאַרוואַרלאָזט אַזוי אַרום די פון אים געפירטע אַנשטאַלט, ווו די גייסט־קראַנקע פּייניקן זיך אין אַ שווידערלעכער אַטמאָספער און ווערן גרויזאַם געשלאָגן פון דינער. דאָס ציט זיך אַזוי לאַנג, ביז מען דערקלערט דעם פּסיכיאַטער זעלבסט פאַר גייסט־קראַנק און מען פירט אים מיט געוואַלד, שוין ווי אַ פּאַציענט, אין זיין אַנשטאַלט, ווו ער דערפילט איצט אויף זיינע אייגענע פּלייצעס די שווידערלעכע רעזולטאַטן פון זיין פריערדיקער באַציונג צו די גייסט־ליידנדיקע. אַן ענלעכע געשיכטע האָב איך אָבסערווירט אין וואַרשע. אין 1922 האָט אַ געזעלשאַפטלעכער טוער פּאָלעמיזירט מיט מיר (אויף דעם באַקאַנטן אופן) קעגן דער הייל־פּעדאַגאָגיק. עטלעכע יאָרן שפּעטער, ווען כ'האָב שוין געפירט אַ הייל־פּעדאַגאָגישע אַמבולאַטאָריע אין בערלין, האָט זיך צו מיר דאָרט געווענדעט דער זעלביקער כלל־טוער מיט זיין אייגענעם גייסטיק־אומנאָרמאַלן קינד. כ'האָב אים ליידער געמוזט זאָגן: „ווייל ס'איז נישטאָ קיין יידישער אַנשטאַלט פאַר „אַזוינע” קינדער, וועט איר עס מוזן אָפּגעבן אין אַ דייטשן הייל־אַנשטאַלט, מיט פרעמדע פאַרן קינד שפּראַך און סביבה...” אָט די „פּאַלאַטאַ נומ. 6” דאַרף זיין אַן ערנסטע וואָרענונג פאַר די אַלע דילעטאַנטן, מעגן זיי זיין דאָקטוירים אָדער דערציער,

---

„כייע שול”. זע אויך מיינע פאָלגנדיקע אַרבעטן: „די יידישע שול און די פּסיכיש־אומנאָרמאַלע קינדער” (אונטערזוכונגען אין קאָוונע), „אָזע־רונדשוי”, בערלין, 1926. אויך „אַן הייל־פּעדאַגאָגישע אונטערזוכונג פון יידישע שולן אין ריגע”, „אָזע־רונדשוי”, בערלין, 1926. אויך „הייל־פּעדאַגאָגישע אַמבולאַטאָריום” (וויסנשאַפטלעכער באַריכט), בערלין, 1926.

וואס האָבן אָבער נישט קיין באַגריף פון הייל-פּעדאַגאָגיק און מאַכן לייכטזיניק אַ „סיי-ווי“-חשבון פאַר די גייסטיק-ליידנדיקע.

דאָך זענען פון אַן אומגעריכטער זייט געמאַכט געוואָרן איניקע אָנהייבן אין פּוילן. אין 1927 האָב איך אויף דעם אויפטראַג פון וואַרשעווער יתומים-צענטראַלע דורכגעפירט אַ הייל-פּעדאַגאָגישע אונטערזוכונג פון ס׳רוב יתומים-אַנשטאַלטן אין פּוילן. ס׳איז דערביי פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די צאָל פון פּסיכיש אומנאָרמאַלע קינדער אין יענע אַנשטאַלטן איז אַרום 7,1 פּראָצ. (ד. ה. אַרום צוויי פּראָצענט מער ווי אין די נאָרמאַלע שולן לויט דער אויבנדערמאָנטער פאָרשונג) טאַקע אין יענער צייט האָט די וואַרשעווער יתומים-צענטראַלע געגרינדעט (לויט דעם פון מיר אויסגעאַרבעטן פּלאַן*) אין אָטוואָצק אַן אַנשטאַלט פאַר פּסיכיש-אומנאָרמאַלע קינדער-יתומים (פון צייט צו צייט נעמט מען אויף אויך קינדער נישט-יתומים). אין ווילנע איז אויף דער איניציאַטיוו פון ד״ר וויטאַ לעווין און אויף אירע אייגענע כוחות געגרינדעט געוואָרן אַן עפּנטלעכע ספּעציעלע שול פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער. דאָס זענען די ערשטע און די איינציקע יידישע הייל-פּעדאַגאָגיש אַנשטאַלטן אין פּוילן.**)

---

*) זע מיין אַרטיקל „צום אויפבוי פון הייל-פּעדאַגאָגישן אַנשטאַלט אין אָטוואָצק“ (געזעלשאַפטלעכער לוח פון דער יתומים-צענטראַלע פאַר 1928). דאָרט זענען אויך אָנגעגעבן די רעזולטאַטן און דערקלערונגען פון די דערמאָנטע אונטערזוכונגען פון די יתומים-אַנשטאַלטן.

**) וועגן אַנדערע לענדער איז כדאי צו דערמאָנען די יידישע הייל-פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלט פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער אין בערלין אונטער דער ליטונג פון דירעקטאָר ביין, אויך די געגרינדעטע (נאָך דער מלחמה) ספּעציעלע שול פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער אין ריגע. אין 1922 האָב איך מיט דער הילף פון ד״ר שטאַל געגרינדעט ביי דער יידישער געזעלשאַפט „קינדער-הילפע“ אין בערלין אַ הייל-פּעדאַגאָגישע אַמבולאַטאָריע. אין 1927 איז דורך דער „יידישער געזונטהייט-אָרגאַניזאַציע“ אין לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרן דאָרט אַ „קינדער-פירונג-קליניק“ אונטער דער ליטונג פון ד״ר מילער. דאָס איז געווען די ערשטע הייל-פּעדאַגאָגישע אַמבולאַ-

וואָס יעדע פון זיי פאַרנעמט זיך בלויז מיט געוויסע קאַטעגאָריעס פון פּסיכיש-אומנאָרמאַלע קינדער. און אָט האָט „טאָז״ צום ערשטן מאָל געשטעלט דאָס אַלגעמיינע הייל-פּעדאַגאָגישע פּראָבלעם אונטער דעם ברייטן געזיכטס-פּונקט פון פּסיכאָ-היגיענע און האָט צוליב דעם אין פעברואַר 1934 געגרינדעט אַ יידישע פּסיכאָ-היגיענישע באַראַטונג-שטעלע.

די אויפגאַבע פון אַזאַ באַראַטונג-שטעלע איז, ערשטנס, הייל-פּעדאַגאָגיש צו באַהאַנדלען די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פון שווער-דערציבאַרע קינדער אין שול און פאַמיליע. צווייטנס, דורך און אין דער אַמבולאַטאָרישער דערפאַרונג דאַרף די באַראַטונג-שטעלע שטרעבן צו געפינען און אָנווייזן די וועגן פאַר די עלטערן און לערער, ווי אַזוי באַצייטנס צו באַזייטיקן די נערוועז-מאַכנדיקע איינפלוסן און קאָנפליקטן — הייל-פּעדאַגאָגישע פּראָפילאַקטיק! (זע אויבן אַריינפיר צום בוך).

אַ דאַנק דער הילף און מיטווירקונג פונעם גענעראַל-סעקרעטאַר פון „טאָז״ — ד״ר ל. וואָלמאַן, איז מיר און מיינע מיטאַרבעטער (פּעדאַגאָג גאָוואָגרודסקאַ, טעסט-פּסיכאָלאָגין א. לעווין און ד״ר מעד. ראָזענפעלד) געלונגען צו פירן מיט באַדייטנדיקן דערפאָלג די באַראַטונג-שטעלע, וואָס אַנטוויקלט זיך כסדר מיט אַ וואַקסנדיקן טעמפּ. אויף די דערפאַרונגען און מאַטעריאַלן פון דער באַראַטונג-שטעלע איז אונדז געלונגען אויסצושיילן די נייע מעטאָדן פון פּעדאַגאָגישער טעראַפּיע און פּראָפילאַקטיק, וואָס זענען אויספירלעך באַשריבן אינעם פאָרליגנדיקן בוך. דאָ ווילן מיר הויפּטזאַכלעך אָנצייכענען די אַלגעמיינע רעזולטאַטן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער בייליגנדיקער סטאַטיסטישער טאַבעלע, וואָס נעמט אַרום די אַרבעט פון דער באַראַטונג-שטעלע פאַר די ערשטע זעקס חדשים, פון 15 פעברואַר ביזן 15 אויגוסט 1934.

מיר ווילן נאָך פריער דערמאָנען איניקע וויכטיקע פּרטים פון אָרגאַניזאַציע און פירונג. אונזער באַראַטונג-שטעלע באַהאַנדלט הויפּטזאַכלעך יידישע שולן (בלויז 15% זענען געקומען, ווי מיר זעען

---

טאָריע אין לאָנדאָן בכלל, וואָס האָט געהאַט פּיאָנערישע באַדייטונג פאַר גאַנץ ענגלאַנד (זע אויבן אַריינפיר צום בוך).

פון דער מאַבעלע, פון פּאָווּשעכנע (מלוכהשע) און פּריוואַטע שולן) און ווערט געפירט אויף יידיש. ביי קינדער פון יידישע שולן איז יידיש אַ מוטער-שפּראַך און אַן אומגאַנגס-שפּראַך, וואָס איז פאַרן קינד אַן אָרגאַניש אויסדרוק-מיטל און איז דערפאַר וויכטיק סיי ביי דער אונטערזוכונג, סיי ביי דער באַהאַנדלונג, אַ חוץ אַנאַמנעזע און אויספאָרשונג פון סאָציאַל-קולטורעלער סביבה און דעם קינדס גרו-פּישן שפּיל-לעבן אין שול און אין דער היים באַקומט דאָס קינד לויט באַדאַרף אַ מעדיציניש-פּסיכיאַטרישע, פּסיכאָלאָגישע און טעסט-אונטערזוכונג, ווי ס'איז באַשריבן אינעם בייגעלייגטן, פון מיר אויס-געאַרבעטן, פראַגע-בויגן. ביי דער באַהאַנדלונג פון פּראָבלעם קינדער, ספּעציעל פון נערוועזע און אַנטי-סאָציאַלע קינדער, לייגט אונזער באַראַטונגס-שטעלע באַזונדערע אַכט אויף דער דערמאָנטער אונטער-זוכונג פונעם קינדס גרופּישן שפּיל-לעבן, ווי מיר האָבן עס באַגרינ-דעט אויבן אין דעם אַריינפיר און עס דערנאָכדעם אַנטוויקלט און אילוסטרירט דורך פאַרשידענע פאַלן אינעם פאָרליגנדיקן בוך. די דאָזיקע אונטערזוכונג ווערט אויסגעפירט מיט דער הילף פון אַ סאָציאַל-פּעדאַלאָג (אַ געניטער פּעדאַגאָג, וואָס ווערט פון אונז טרע-נירט אין דער פאָרשונג און באַהאַנדלונג פונעם קינדס גרופּישן לעבן).

לויט דעם פעסטגעשטעלטן דיאַגנאָז קומט די באַהאַנדלונג דורך אומיטלבאַרער הייל-פּעדאַגאָגישער ווירקונג אויפן קינד, ווי אויך דורך געוויסע אָנווייזונגען פאַר לערער וועגן די נויטיקע דערציונגס-מיטלען און סביבה-ענדערונגען. ביי אינטעלעקטועל אָפּגעשטאַנענע קינדער ווערט רעקאָמענדירט (לויט דעם פעסטגעשטעלטן גראַד פון אָפּגעשטאַ-נענקייט) די פּאַסיקע ספּעציעלע אַנשטאַלט. ביים אויספעלן פון ספּע-ציעלע אַנשטאַלטן מוזן געגעבן ווערן צייטווייליקע נויט-אינסטרוק-ציעס, ווי צו באַהאַנדלען אַזוינע קינדער אינדערהיים. אָפטמאָל ווערט די הייל-פּעדאַגאָגישע באַהאַנדלונג קאָמבינירט מיט מעדיקאַמענטאַלע און הידראָ-טעראַפּעווטישע מיטלען (אין דער טאַבעלע ווערן אָנגע-געבן אין פּראָצענטן די פאַרשידענע אַרטן פון באַהאַנדלונגען). אין פאַרשידענע פאַלן ווערט דאָס קינד באַזוכט דורך אונזערן סאָציאַל-פּעדאַגאָג, אינדערהיים אָדער אין שול, כדי צו דערגענצן די אונטער-זוכונג אָדער דורכצופירן די רעקאָמענדירטע דערציונגס-מיטלען.

II

# די אלגעמיינע רעזולטאטן און די אויפגאבן פאר שול און געזעלשאפט

מיר טיילן די אומנארמאלע קינדער אויף צוויי הויפט-קאטעגאריעס: ארגאניש אומנארמאלע אדער אינטעלעקטועל אפגעשטאנענע, וואס האבן א דעפעקט פונעם אינטעלעקט, און נייראטישע, וואס האבן א פונקציאנעלע שטערונג פון ווילן און געפיל. די עפילעפטישע ווערן אויסגעטיילט באזונדער מחמת זייער קלינישער אייגנארטיקייט. ווי מיר זעען פון דער טאבעלע, בילדן די נייראטישע די סאמע גרעסטע קאטעגאריע (44 פראצ.). אט די קאטעגאריע איז אויך באזונדערס וויכטיק לויט איר ווירקונג אויף דער שול. די מעשה איז, וואס לייכטאפגעשטאנענע (דעבילע) קינדער ווערן אויפגענומען אין די מלוכהשע ספעציעלע שולן, די שווערער אפגעשטאנענע (אימבעצילן) ווערן אין ערגעץ נישט אויפגענומען. זיי בלייבן אינדערהיים און זענען, אזוי צו זאגן, די פריוואטע טראגעדיע פון דער פאמיליע. די נייראטישע קינדער אבער באזוכן די שול, ווו זיי ווערן אפט א פאטאל פראבלעם פאר דער גאנצער שול-דערציונג, שיער נישט די טראגעדיע פון שול.

אונדזערע פארשונגען אין דעם פארליגנדיקן בוך באווייזן, דאס דער נייראז ביים קינד קומט דורך א כראנישער שטערונג פונעם קינדס שפיל-לעבן. דערמאנען מיר נאר איניקע אויספירן אין צוזאמענהאנג מיט דער ביילינגנדיקער טאבעלע. אזוי ווי קינדער שפילן אין גרופעס, איז במילא די מעגלעכקייט פון שפיל אפהענגיק פונעם קינדס שטעלונג אין דער גרופע. איז דאס קינד מחמת וועלכער ס'איז סיבה אויסגעשלאסן פון דער גרופע, בלייבט עס איינזאם אויסער דעם גרופן־שפיל און ווערט אלץ טיפער דענערווירט. יעדעס קינד האט אבער פארשידענע גרופעס — אין דער היים, שול, גאס און צווישן דערוואקסענע. דער נייראז ווערט אויפטרעטן נאר אין יענער גרופע, ווו דאס קינד קען נישט נעמען קיין אנטייל אין גרופן-שפיל. אזוי ארום קען מען אונטערשיידן צווישן היים-נערוועזישקייט, שול-נערוועזיש-

קייט, אָדער נערוועזישקייט צווישן דערוואַקסענע (קורץ באַצייכענען מיר עם לויט דער ריי: נייראָזן „A", „B", „C", „D" פון דער טאַ-בעלע זעען מיר טאַקע די גענויע דיפערענצירונג פון די נייראָזן לויט די גרופּעס. פון 44 נייראָטישע קינדער זענען 21 „A", 13 „B", 8 „AB", 1 „AD", 1 „BD".

מיר זעען דאָ, אַז צווישן נייראָטישע קינדער פאַלט די גרעסטע צאָל אויף היים-נייראָזן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין שול געפינט זיך דאָס קינד אין אַ קאָלעקטיוו און האָט די מעגלעכקייט זיך אַריינצוגלידערן אין אַ שפּיל-גרופּע אָדער זיך פאַרוויילן אין איר פאַרכאַפּנדיקער אַטמאָספער. אָבער אין דער היים איז דאָס קינד אָפט איינזאַם, אָן וועלכער ס'איז פּאַסיקער שפּיל-גרופּע, ווי דאָס פּאַסירט נישט נאָר ביים איינציקן קינד, נאָר אויך ביים קינד מיט פיל על-טערע אָדער מיט פיל יינגערע געשוויסטער, וואָס האָבן נישט מיט אים קיין געמיינזאַמע שפּיל-אינטערעסן. ס'קומט נאָך דערצו, וואָס אין דער היים, ספּעציעל אין אָרעמע ענגע וווינונגען, איז פיזיש נישטאָ קיין אָרט און מעגלעכקייט פאַר קינדער-שפּיל. אַזוי אַרום קומט עס אין דער היים אָפטער, ווי אין שול, צו אַ נערוועזמאַכנדיקן שפּיל-דעפיציט, וואָס דערקלערט די גרעסערע צאָל היים-נייראָזן. ס'איז דערפאַר פּראָפילאַקטיש זייער וויכטיק איינצואָרדנען ביי דער שול נאָכ-מיטאָג-היימען אָדער קינדער-קלובן, וווּ קינדער זאָלן קאָנען מאַכן זייערע לעקציעס און האָבן דערביי מעגלעכע פאַרוויילונג אין אַ שפּיל-גרופּע. אַזוי איז אויך וויכטיק דערציערייש אָנצורעגן גאַסט-באַזוכן פון שכנישע שול-גרופּעס ביי יעדן פון די קינדער לויט דער ריי און לאָקאַלער מעגלעכקייט. (זע אויבן קאַפּ. 9). דאָס אַלץ וואָלט געקענט באַצייטנס אַרויסהעלפן דאָס קינד פון שפּיללאָזער איינזאַמקייט אין דער היים און דורכדעם פאַרהיטן באַצייטנס פון נייראָז.

אין אונדזער באַראַטונגס-שטעלע האָבן מיר אין יעדן פאַל פון קינדער-נייראָז געקענט ביי מעטאָדישער נאָכפאָרשונג געפינען די נערוועזמאַכנדיקע שפּיל-שטערונג אין דער באַטרעפנדיקער גרופּע (שול אָדער היים), און דורך פּאַסיקער ווירקונג אויף דער גרופּע האָט מען טאַקע געקענט ראַדיקאַל היילן דעם קינדער-נייראָז. אַזוי ווי קינדער שפּילן נאָר בשעת דער פּויזע און וויקלען דעמאָלט אָפּ זייערע פרייע

גרופן-באַציונגען, קומט ממילא אויס, אַז דער נייראָז אַנטשטייט נאָר דורך שטערונגען און קאָנפליקטן בשעת דער פויזע. די שול איז אָבער קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אויף דעם אונטעריכט און פאַרנאַכלע-סיקט די פויזע. דערפאַר איז אין יעדער שול היינט צו טאָג די פויזע אַ נעסט פון קינדער-נייראָז. די סאַנירונג פון דער פויזע (דייה די סיסטעמאַטישע אַכטונג-געבונג אויף די דעמאָלט פאָרקומענדיקע שפּיל-שטערונגען און דייער רעכטצייטיקע באַזייטיקונג) ווערט אַרויס-געשטעלט פון אונדזער באַראַטונג-שטעלע ווי אַ הויפּט-פאָדערונג פאַר דער פּראָפילאַקטיק פון קינדער-נייראָז און פאַר דער פּסיכאָ-היגיענע פון דער שול.

און אָט קומען מיר צום פּראָבלעם פון אָפּגעשטאַנענע קינדער.

פון דער טאַבעלע זעען מיר, דאָס 29 קינדער זענען שול-אומפעיק און מוזן האָבן אַ ספּעציעלע אַנשטאַלט. די דאָזיקע קינדער באַשטייען פון אימבעצילן און פון מאַנכע עפּילעפּטיקער (דעמענציא עפּילעפּטיקאַ), קיין שול נעמט זיי נישט אויף און קיין ספּעציעלע אַנשטאַלט עקסיסטירט נישט פאַר זיי. בלייבן זיי אַ טראַגעדיע אין דער פאַמיליע. פון איין זייט, קענען זיי נישט באַקומען אינדערהיים וועלכע ס'איז פאַסנדיקע פאַר זיי ספּעציעלע דערציונג און ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרווילדעט; פון דער אַנדער זייט, שטערן זיי פּאַטאַל דאָס לעבן פון אַנדערע נאָרמאַלע קינדער אין הויז. איינער פון די 29, למשל, אַ פערצניעריקער אימבעציל איז עראָטיש צודרינגלעך צו זיין שוועסטערל און וואַרפט אַן אימה אויף דער פאַמיליע; אַן אַנדער אימבעציל שלאָגט די יינגערע קינדער אין הויז און איז פאַר זיי נישט אומגעפערלעך; ווידער אַן אַנדערער ווערט, פאַרקערט, גרויזאַם פאַרשפּאָט און געשלאָגן פון אַנדערע קינדער אא"וו. פּרוּווט מען אָפּגעבן אַזאַ יינגל צו אַ בעל-מלאכה, ווערט ער דאָרט פאַרשפּאָט און געהעצט פון די אַרומיקע אַזוי, אַז די עלטערן מוזן אים אָפּנעמען. ס'איז אַ הימלשרייענדיקע עולה, וואָס די געזעלשאַפט באַגייט בנוגע אָט די גייסט-ליידנדיקע קינדער און זייערע פאַמיליעס, וואָס מ'לאָזט זיי אויף הפקר. געוויס, ביי היינטיקן עקאָנאָמישן קריזיס איז שווער צו רעדן וועגן בויען נייע אַנשטאַלטן, אָבער מ'מוז און מ'קען איינ-ריכטן אַ ספּעציעלן טאָג-היים מיט קליינע וואַרשטאַטן (אונטער דער

אויפזיכט פון אַ הייל-פּעדאַגאָג), ווו די דערמאָנטע קינדער וואָלטן געקענט אין משך פון טאָג באַקומען אַ נויטיקן מינימום פון ספּעציעלער דערציונג און דורכדעם וואָלטן זיי גלייכצייטיק געווען איזאָלירט פאַרן טאָג פון דער פאַמיליע. דאָס איז ווידער אַ דרינגנדיקע אויפגאַבע, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט פון אונדזער באַראַטונג-שטעלע פאַר דער פּסיכאָ-היגיענע פון דער יידישער פאַמיליע.

מיר מוזן נאָך אָפּשטעלן זיך אויף איניקע פּונקטן. מיר זעען פון דער טאַבעלע, דאָס די גרעסטע צאָל קינדער (69 פּראָצ.) קומען אין דער באַראַטונג-שטעלע אין שול-עלטער פון 7—14 יאָר. די מעשה איז, וואָס געוויינלעך האַלטן זיך אָפּ די עלטערן צו פרעגן אַ דאָקטאָר, ביז די אומנאָרמאַלישקייט ביים קינד דערגרייכט מיט די יאָרן צו אַ הויכן גראַד. אַ חוץ דעם זענען די קאָמפּליצירטע פאָדערונגען גראַד פון דער שול-צייט אַן ערנסטער פּרוּוו-שטיין פאַר דעם קינדס פעיקייטן און כאַראַקטער. ס׳איז אויך מערקווירדיק, וואָס די גרעסטע צאָל (75%) פון די קינדער, ווי מיר זעען אין דער טאַבעלע, זענען יינגלעך. דאָס קען מען אפשר דערקלערן דערמיט, וואָס אַזוי ווי ביי יינגלעך זענען שפּיל-דראַנג און גרופּן-לעבן פיל גרעסער ווי ביי מיידלעך, איז ביי זיי אויך עפּטער דער נייראָז, וואָס איז דאָך אַ רעזולטאַט פון שפּיל-שטערונג. אויך איז די אינטעלעקטועלע אָפּגעשטאַנענקייט ביי יינגלעך מער אויפפאַלנדיק און מ׳קומט מיט זיי גיכער פרעגן אַ ראַט. די אַנאַמנעסטישע דאַטן באַווייזן, לויט דער טאַבעלע, דאָס ירושהדיקייט האָבן מיר בלויז אין 28 פּראָצ., געשטערטע שוואַנגערשאַפט אין 10 פּראָצ. און שווערע געבורט אין 12 פּראָצ.

צום שלום ווילן מיר אונטערשטרייכן, דאָס אונדזער סטאַטיסטישער באַריכט פון דער וואַרשעווער באַראַטונג-שטעלע שטימט אויף אַ מערקווירדיקן אופן מיט דעם באַריכט פון מיין טעטיקייט אין דער פון מיר געפירטער באַראַטונג-שטעלע אין בערלין אין משך פון 1923—1925*). פון 109 קינדער בילדן אויך דאָרט יינגלעך דעם

*) זע מיין בראָשור „הייל-פּעדאַגאָגישער אַמבולאַטאָריום”, אַרויסגעגעבן פון דער „קינדער-הילף” אין בערלין.

גרעסטן טייל, נעמלעך 81, די נייראָטישע זענען אויך דאָרט איבער־וועגנדיק — 48,8 פראָצ., בשעת די אָרגאַנישע — 27,1 פראָצ., די ירושהדיקייט בלויז 26,6 פראָצ. אַ קליינע אָפּווייכונג איז נאָר בנוגע געשטערטער שוואַנגערשאַפט (דאָרט 12,3 פראָצ.) און שווערער אַנט־בינדונג (20 פראָצ.). נאָר אין יענעם באַריכט זענען נישטאָ די 29 שול־אומפעיקע קינדער, וואָס האָבן זיך נישט אין וואַרשע ווו אַהינ־צוטון, ווייל אין בערלין זענען דאָ פאַר אַזוינע קינדער ספּעציעלע אַנ־שטאַלטן. די מערקווירדיקע ענלעכקייט פון די צוויי פאַרשידענע באַ־ריכטן מאַכט נאָך זיכערער זייערע אויספירונגען.

פון גרויכער מעטאָדישער באַדייטונג איז נאָך פאָלגנדיקער פאַקט. אין אונזער טאַבעלע דערגרייכט די צאָל פון אָרגאַנישע (אָפּ־געשטאַנענע) צוזאַמען מיט קאָמבינירטע (אָפּגעשטאַנענע און גלייכ־צייטיק נייראָטישע) ביז 36½, ד. ה. מיט 9% מער, ווי אין דעם דערמאָנטן בערלינער באַריכט. די דערקלערונג ליגט, ווי געזאָגט, אויף דער האַנט, ווייל דאָ קומען די שול־אומפעיקע קינדער, וואָס האָבן זיך אין וואַרשע נישט ווו אַהינצוטון און קומען נאָך הילף אין דער באַראַטונג־שטעלע, ווען אין בערלין זענען אַזוינע קינדער איינגעאָרדנט אין אַ ספּעציעלער דערציונגס־אַנשטאַלט. די עקזיסטענץ פון פּאַסיקע אַנשטאַלטן דערקלערט אויך דעם אומשטאַנד, וואָס אין דער וואַרשעווער טאַבעלע איז די צאָל אימבעצילן פיל מער ווי דעבילן (12 קעגן 7), ווייל די לעצטע קאָנען מייסטנס באַזוכן אין וואַרשע די ספּעציעלע מלוכהשע שולן פאַר דעבילע קינדער. ווען אָבער אין יעדן לאַנד זענען פאַראַן מלוכהשע אַנשטאַלטן פאַר דער אָדער יענער קאַטעגאָריע פון אָפּגעשטאַנענע קינדער, איז אָבער כמעט אין קיין לאַנד נאָך נישטאָ קיין מלוכהשע אַנשטאַלטן פאַר נערוועזע קינדער, מיט וועלכע די לערער קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן און קומען מיט זיי אין דער באַראַטונג־שטעלע. אויך ביי דערוואַקסענע ברענגט מען גיכער און מער אין די שפּיטאָלן פונקציאָנעלע גייסט־קראַנקע (אָדער שווערע נייראָטיקער), ווי אָרגאַניש־דעפעקטיווע, ווייל די ערשטע זענען מייסטנס מער אומדערטרעגלעך און געפערלעך פאַר די אַרומיקע. אַזוי ווי אַלע סטאַטיסטישע פאָרשונגען וועגן גייסט־קראַנקע שעפּן זייער מאַטעריאַל הויפּטזאַכלעך פון שפּיטאָלן און אַמ־

בולאטאָריעס, וועט טאַקע אין אזוינע איבערוועגן די צאָל פון פונק-ציאָנעלע און נייראָטיקער. מיט אנדערע ווערטער: די גרעסטע צאָל פון פונקציאָנעלע (און נייראָטישע) גייסט-שטערונגען אין סטאַטיסטי-שע פאָרשונגען באַווייזט נאָך ניט די פאַקטישע פרעוואלענץ פון אזוינע קאַטעגאָריעס, נאָר זייער גרעסערע שעדלעכקייט פאר דער געזעלשאַפט, וואָס ווערט דורכדעם גיכער געצוווּנגען צו ברענגען זיי אין פסיכיאַט-רישע אנשטאַלטן און מאַכן זיי צוגענגלעך פאַר א סטאַטיסטישער פאָרשונג (זע מיין ארבעט „פאַנטאַזיעס און פאַקטן וועגן פסיכישע שטערונגען ביי יידן" אין „צוקונפט", ניו-יאָרק, 1933, אויך אינעם ענגלישן „דזשואיש סאָשיאל סערוויס קוואָטערלי", ניו-יאָרק, 1932).

(איצט גיבן מיר צו צוויי ביילאַגעס, נעמלעך דעם פון מיר אויס-געאַרבעטן פראַגע-בויגן און דעם סטאַטיסטישן באַריכט).

פסיכאָ-היגיענישע באַראַטונגס-שטעלע ביי דער געזעלשאַפט „טאָזי" וואַרשע.

## פראַגע-בויגן

(צוזאַמענגעשטעלט דורך פראָפ. פ. שניאורסאָן)

נומ.

דאַטע

ווער גיט די ידיעות

נאָמען און פאַמיליע (פון קינד)

| | | | |
|---|---|---|---|
| עלטער | פרי | אָפּטיילונג | קינדער-הייב |

אַדרעס שטאָק

שולע פרי אָפּטיילונג קינדער-הייב

נאָכמיטאָג

געשלעכט עלטער געבורטס-דאַטע

געבורטס-אָרט ווין-אָרט

וווינונגס-באַדינגונגען: וויפיל צימערן וויפיל פערזאָן

שלאָפט אַליין אין א בעט מיט וועמען

באַרוף פון די עלטערן

מאַטעריעלע באַדינגונגען
געשיקט דורך
די סיבה פון באַזוך
א) אַנאַמנעז.
1. ירושהדיקייט.
לעבן די עלטערן אויב נישט, אין וועלכן עלטער געשטאָרבן
פאָטער מוטער זענען זיי קרובים
עלטער פון די עלטערן בשעת געבורט פון קינד: פאָטער
מוטער געשוויסטער פון קינד: צאָל
עלטערע יינגערע
קראַנקייטן פון עלטערן (טובערקולאָזע, סיפילים, נערוון-און פסיכישע קראַנקייטן, אַלקאָהאָליזם אאז״וו)
2. שוואַנגערשאַפט און געבורט.
שוואַנגערשאַפט-שטערונגען (אינפעקציע-קראַנקייטן, ברעכן, אומפאַלן, שרעק, דערשיטערונגען)
נאָרמאַלע אָדער אומנאָרמאַלע געבורט (פרי-געבורט, צוואַנג-געבורט אאז״וו)
קינד-צושטאַנד ביים געבורט (שיין-טויט)
3. פיזישע אַנטוויקלונג.
ברוסט אָדער קינסטלעכע נאַרונג
ערשטע ציינדלעך (ווען?)
אָנגעהויבן צו גיין (ווען?) אָנגעהויבן צו רעדן (ווען?)
אויפגעהערט צו נעצן זיך (ווען?): ביינאַכט בייטאָג
דורכגעמאַכטע קראַנקייטן (אינפעקציע-קראַנקייטן, געהירן-אָנצינדונגען, כאָרעאַ, סקראָפולאָזע)
נאַכט-שרעק נאַכט-וואַנדלונגען קרעמפן
שטאַמלען פון ווען אָן
4. פסיכישע אַנטוויקלונג.
האָט דאָס קינד באַזוכט אַ קינדערגאָרטן? פון ווען ביז ווען
אויפפאַלנדיקע אויפירונג אין קינדערגאָרטן (מיט וואָס?)
ווען האָט דאָס קיד אָנגעהויבן צו גיין אין שול?
איז דאָס קינד געבליבן אַן איבעריקן יאָר אין קלאַס

אין וועלכן זענען געווען אויסערלעכע אורזאכן דערפון
(אומרעגלמעסיקער שול-באזוך, פיזישע קראנקייטן אאז"וו)

צו איבערגעריסן אדער געביטן די שולע און פארוואס
אויפפאלנדיקע אויפירונג אין שול (מיט וואס?)
באזונדערע באגאבונגען (וועלכע?)
באזונדערע שוואכקייטן (אין וועלכע קענטשטאנדן, אדער פעיקייטן)
פאראינטערעסירונגען
שפילט דאס קינד: אליין, מיט יינגערע, מיט עלטערע, מיט קינדער
אין איין עלטער אין שולע אין דערהיים
באליבטע שפילן פון קינד (אדער שפילערייען)
פארהאלטן פון קינד צו די עלטערן, דערציער, חברים, געשוויסטער
פירט דאס קינד אויס הויזלעכע שליחותן (וועלכע און וויפל מיטאמאל)
געשלעכט-רייפקייט (ווען?)
אנאניזם (צייט ווען, ווי אפט)
געשלעכטלעכע אפווייכונגען, וועלכע
פינגערזויגן (צייט ווען, ווי אפט)
נעגל-בייסן אנדערע געוווינהייטן
באזונדערע אייגנטימלעכקייטן אין קינדס כאראקטער (צארנדיקייט,
גרויזאמקייט, אמביציעזקייט, צאפלדיקייט, צו-להכיסדיקייט
אאז"וו)

5. געשיכטע פון ליידן אדער דערציונגס-שטערונג.
צייט ווען ליידט דאס קינד?
האט דאס קינד שוין באקומען הייל-פעדאגאגישע באראטונגען,
ווען און ווו?
אויספירלעכע באשרייבונג פון ליידן

ב) פיזישע אונטערזוכונג.

1. אנטראפאמעטרישע אונטערזוכונג:
גרויס געוויכט קאפ-פארם אומפאנג לענג ברייט
קאפאינדעקס
2. פעדיאטרישע און נייראלאגישע אונטערזוכונג

ג) פסיכישע אונטערזוכונג.

1. אלגעמיינע פריפונג

2. אינטעליגענץ-פּריפונג:

3. עמאָציע און פאַנטאַזיע-פּריפונג (שניאורסאָן-מעטאָדע)

ד י אַ ג נ אָ ז :

ב אַ ה אַ נ ד ל ו נ ג :

שול-באַזוך

היים-באַזוך

---

# וויסנשאַפטלעכע פאַרעפנטלעכונגען

פון

# פּראָפ. שניאורסאָן

1. דער וועג צום מענטש (די יסודות פון מענטש-וויסנשאַפט און לערע פון נערוועזיטעט)). יידיש — פאַרלאַג קלעצקין, ווילנע; אין דייטש (מיט אַ פאָרוואָרט פון פּראָפ. ליפּמאַן), פאַרלאַג זינאַבורג, בערלין; אין ענגליש (מיט אַ פאָרוואָרט פון פּראָפ. ד. דיואי און פּראָפ. א. מייער), פאַרלאַג נ. בראַון, 123 לעקסינגטאָן עוועניו, ניו-יאָרק.

2. נייע וועגן פון סאָציאַל-פּסיכאָלאָגיע (סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע מענטש-וויסנשאַפט). אין דייטש, פאַרלאַג מאַרכאָלד, האַללע, דייטש-לאַנד.

3. מענטש-געזעלשאַפט (אַלגעמיינע ריכט-ליניען). יידיש, פאַר-לאַג קלעצקין, ווילנע.

4. חלום און שפּיל, אין פיר טיילן, יידיש, אין פאַרלאַג „אונזער פּרעסע”, וואַרשע (נאַלעווקי 38); דער צווייטער טייל איז פאַרעפנט-לעכט אין ענגליש אין „אַמעריקאַן דזשאָרנאַל אָוו פּסיכיאַטריע” פון 1933 און דייטש אין „פּעדאַגאָגישעם צענטראַל-בלאַט”, בערלין, 1933.

5. פּסיכאָלאָגיע פון אינטימען קינדער-לעבן (נייע מעטאָדן און פּרינציפּן צו דער אונטערזוכונג פון געפיל און פאַנטאַזיע ביים נאָר-מאַלן און אומנאָרמאַלן קינד), אין פיר טיילן. דייטש, פאַרלאַג שוועטשקא, בערלין, וועסט 30. רוסיש, פאַרלאַג גראַני, בערלין.

6. די קאַטאַסטראָפאַלע צייטן און די וואַקסנדיקע דורות (די ווירקונג פון סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס אויף דער פּסיכיק פון נאָר-מאַלן און אומנאָרמאַלן קינד). יידיש — „יידישער ליטעראַרישער פאַרלאַג”, בערלין; דייטש, פאַרלאַג שוועטשקא, וועסט 30.

7. פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון מאַסן און פעלקער — „עטאָס”. באַנד 1, קאַרלסרוע, דייטשלאַנד.

8. רעפלעקסאָלאָגיע און פסיכאָלאָגיע — „אַרכיוו פיר די געזאמטע פסיכאָלאָגיע'', לייפציג, 1929.

9. נייע וועגן פון סאָציאַלער דערציונג — דייטש, פאַרלאַג שוועטשקא, בערלין, וועסט 30. פראַנצויזיש, פאַריז, ליברערי „לא סורס''.

10. די יידישע שול און דעפעקטיווע קינדער — העברעיש און יידיש, וואַרשע, 1922.

11. רליגיולוגיה — רעליגיאָנס-פסיכאָלאָגיע. „קדימה'', קיעוו.

12. עקספּערימענטאַלע שטודיעס אין רעפלעקסאָלאָגיע, „וועסטניק פסיכאָלאָגי'', 1919, פעטראָגראַד.

13. פאַנטאַזיעס און פאַקטן וועגן גייסט-קראַנקע ביי יידן (פאַרגלייכנדיקע פאָרשונג פון יידישע שולן אין פאַרשידענע לענדער). ענגליש אינעם „דשוזאיש סאָשיאַל סערוויס קוואָטערלי'', ניו-יאָרק, 1932, דייטש אין „אָזע-רונדשוי'', בערלין, 1933, יידיש „צוקונפט'', ניו-יאָרק, 1932.

14. „צום אויפבוי פון אַ פסיכישער היגיענע ביי יידן''. דייטש „יידישע וואלפאַרטפלעגע'', בערלין, 1933.

15. הייל-עפּדאַגאָגישע אַמבולאַטאָריע (מעטאָדן צו פאָרשן און היילן אומנאָרמאַלע קינדער). דייטש, „קינדער-הילפע'', בערלין, 1926.

16. די סאָציאַלע פסיכאָלאָגיע פון מאַסן-ליגן. דייטש, זאַמלווערק „דער ליגן'', לייפציג, פאַרלאַג באַרט.

17. מענטש-וויסנשאַפט (דריי-חדשימדיקע צייטשריפט פאַר דער פסיכאָלאָגישער פאָרשונג פון נאָרמאַלן און אומנאָרמאַלן נשמה-לעבן). יידיש, ניו-יאָרק, 1930—1931.

# אַלגעמיינ

## פון דער פּסיכאַ־היגיענישער באַרצ

פון 15.II — 15.VIII 1934.

| אַלגעמיינע צאָל פון: | | געשלעכט | | צאָל באַזוכן פון איינצלנע קינדער | | | | | ע ל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קינדער | באַזוכן | יינגלעך | מיידלעך | ×1 | ×2 | ×3 | ×4 | ×20—5 | 3—0 | 6—4 |
| 100 | 326 | 72<br>72% | 28<br>28% | 22<br>22% | 33<br>33% | 18<br>18% | 9<br>9% | 18<br>18% | 2<br>2% | 20<br>20% |
| 1 | | 2 | | 3 | | | | | | |

| ירושהדיקייט | | | | שוואַנגערשאַפט | | געבורט | | ) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| נעגאַטיווע | דירעקטע | קאָלאַטעראַלע | נערוועזע קאָנסטיטוציע | אומנאָר-מאַלע | נאָרמאַלע | נאָרמאַלע | צאַנג און שווערע | אידיאָטישע |
| 72<br>72% | 13<br>13% | 7<br>7% | 8<br>8% | 90<br>90% | 10<br>10% | 88<br>88% | 12<br>12% | 1<br>1% |
| 7 | | | | 8 | | 9 | | |

| קאָמבינירטע (אָרגאַנישע) נייראָזן | עפּילעפּטישע | גייסטיק-קראַנקע | נערוון - קראַנקע | שפּראַכשטערונגען | סעקסועלע אָפּווי-כונגען (אָנאַניזם) | מאָראַליש אָפּגע-שטאַנענע | סאָציאַל פאַר-נאַכלעסיקטע | קאָנסולטאַציע פון נאָרמאַלע קינדער | אינ<br>ה״ל-פעד גאַנ-שע אויספאָרש. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 14<br>14% | 13<br>13% | 1<br>1% | 3<br>3% | 12<br>12% | 13<br>13% | 3<br>3% | 1<br>1% | 2<br>2% | 253 |
| 12 | 13 | 14 | 15 | 16 | 17 | 18 | 19 | 20 | |

באַמערקונג: די קאַטעגאָריעס 16—19 זיינען אויסגעטיילט געוואָרן פאַר זיך, אָבער זיי

# נר באַריכט

## טונג־שטעלע ביי „טאַז" אין ווארשע

לייטער: פּראָפ. ד״ר מעד. פ. שניאוּרסאָן.

| ער | | ס ב י ב ה | | | | ש ו ל ן | | | | קינדערגאָרטן-עלטע- | שול-אומפעיקע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 14—7 | 21—15 | קינדער ביי עלטערן | ק נדער ביי פרעמדע | איינציקע קינדער | ניט איינציקע קינדער | יידישע פאָלקס-שולן | תרבות | חדר גמינע-שולן | פאָוושעכנע פריוואַטע | | |
| 69 | 9 | 98 | 2 | 16 | 84 | 26 | 4 | 12 | 15 | 14 | 29 |
| 69% | 9% | 98% | 2% | 16% | 84% | 26% | 4% | 12% | 15% | 14% | 29% |

4 5 6

| אָ ר ג א נ י ש ע (אינטעלעקטועל אָפּגעשטאַנענע קינדער) | | | | נ י י - ר אָ ז ן (לויט שניאורסאָנס קלאַסיפיקאַציע) | | | | | אַלגעמיינע צאָל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אימבעצילי-טעט | דעביליטעט | איבערגאַנג-שטופע | אַלגעמיינע צאָל | „A" | „B" | „AB" | „D" | „DB" | |
| 12 | 7 | 2 | 22 | 21 | 13 | 8 | 1 | 1 | 44 |
| 12% | 7% | 2% | 22% | 21% | 13% | 8% | 1% | 1% | 44% |

10 11

| ט ע ר ז ו כ ו נ ג | | | ב א ה אַ נ ד ל ו נ ג | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| טעסטן | היים-באַזוכן | שול-באַזוכן | אָנשטאַלט-פאַר-אָרדנונג, מיט צייטווייליקע אינסטרוקציעס | הילפס- שול פאַרָרדנונג | הייל פעדאַגאָגישע סביבה ענדערונ-גען און פסיכאָ-טעראַפּיע | מעדיקאַמענטעזע און פיזיאָטע-ראַפּייטישע |
| 51 | 19 | 14 | 29 | 6 | 44 | 20 |

21 22

נען שוין פאררעכנט געוואָרן צווישן די פארשידענע נייראָזן